# מיט דער דראַטווע — אַ צי




דערציילונג וועגן
דעם לעבן פון
אידן אין דער
וואַרשעווער געטאָ.



אַרויסגעגעבן פון פאַרלאַג „וואַרשע״ • • • • • ניו יאָרק, 1945

די דערציילונג „מיט דער דראַטווע — אַ ציִ" איז די צווייטע פון אַ ריי דער־ציילונגען וועגן דעם פּיינפּולן, אָבער צוגלייך דערמיט אויך דעם העראָאישן אידישן לעבן אין דער וואַרשעווער געטאָ, אונטער דער נאַצישער אָקופּאַציע.

די ערשטע דערציילונג פון דער סעריע : „אַט אַזוי זעגט אַ סטאָליער" איז אינגאַנצן אויספאַרקויפט.

אויב איר קענט די ביכלעך ניט קריגן אין אייער אָרגאַניזאַציע און איר ווילט זיין זיכער צו קריגן די קומענדיקע דערציילונגען פון דער סעריע, וואָלטן מיר געראָטן אייך גלייך צושיקן אַ פּאָסט־קאַרטל מיט אייער נאָמען און אַדרעס דירעקט צו אונדז, אָפּן אַדרעס, ווי אָנגעגעבן אַף זייט 2 פונעם ביכל.

**פון זעלבן מעכאַבער זענען ביז איצט דערשינען די פאָלגנדיקע ביכער :**

„געשלאָסענע רייען" (דערציילונגען) — 244 זייטן, 1935

„אין אַזאַ צייט לעבן מיר" — — — — — 298 זייטן, 1938

„בייטשלאַנד" (אַנטי־נאַצי דערציילונגען), 48 זייטן, 1939

„איך בין אַרויס אַ לעבעדיקער" — — — 1־טער באַנד, 1941
(מילכאָמע־טרילאָגיע וועגן דער ערשטער 2־טער באַנד, 1942 } 900 זייטן,
וועלט־מילכאָמע און רעוואָלוציע) 3־טער באַנד, 1944

„אַט אַזוי זעגט אַ סטאָליער"
(געטאָ־דערציילונג) — — — — 32 זייטן, 1945

# מיט דער דראַטווע - אַ צי




דערציילונג וועגן
דעם לעבן פון
אידן אין דער
וואַרשעווער געטאָ.

אַרויסגעגעבן פון פאַרלאַג „וואַרשע" • • • • ניו יאָרק, 1945

# "MIT DER DRATVE—A TZI"

## (And the Heel Was Threaded)

A Story of Jewish Life in the Warsaw Ghetto



H. DAVIDSON

2855 Barker Avenue, Bronx 67, N. Y.

Published by "WARSHE" PUBLISHING

New York, 1945

Printed in U.S.A.



209

שאָאַר־בלאַט געצייכנט פון קינסטלער לערמאַנסקי

(זע פאָרלעצטע זייט פון דער הילע)

# מיט דער דראַטווע — אַ ציִ

(דערציילונג)

פּאַרזיכטיק, טאַפּנדיק די טריט אונטער זיך, האָבן אָוורעמל דער שוסטער און זיין ווייב מאַלקעלע, שטיל געשפּאַנט איבערן שמאָל־געפּלאַסטערטן ציגל־וועג אין דעם קאַנאַליזאַציע־דורכגאַנג אונטער די וואַרשעווער געטאָ־גאַסן. מיט די צוויי פולע ציכן־זעקלעך אַף די פּלייצעס, האָבן זיי — עטוואָס איינגעבויגן, קעדיי ניט אָנצורירן מיט די קעפּ דעם נידעריק־רונדן סופיט פון דעם אונטערערד־טונעל — זיך גערוקט פאָרויס און דערביי, אַף ווי ווייט מעגלעך, איינגעהאַלטן די אָטעמס, קעדיי וואָס ווינציקער איינצוזאַפּן אין זיך דעם געשטאַנק פון דעם פאַמאָיעס־וואַסער און אָפּפאַל־שמוץ, וואָס האָט זיך בורזשענדיק פאַרבייגעטראָגן אין דעם געמויערטן רינ־שטאָק לעבן זייערע פיס...

אין דער קאַנאַליזאַציע האָט זיך געטראָגן אַ מאָדנע שושקעדיקע שטיל־קייט. דער הוילער קלאַנג, וואָס האָט אָפּגעשלאָגן פון זייערע טריט, איז ווי פאַרטויבט געוואָרן פון דעם וואַסער־געפּלעסק. „אַלעק" — דער יונגערמאַן, וועלכער האָט זיי געפירט, טראַגנדיק מיט זיך אַ קליין קעראָסין־לעמפּל, וואָס ווערט געווײנטלעך גענוצט פאַר אַ געפאַר־צייכן ביי צעעפנטע קאַנאַליזאַציע־אויסגראָבונגען, — האָט זיך אַפּט אָפּגעשטעלט, זיך איינגעהערט אַ וויילע, און שטיל — מער מיטן וואונק ווי מיט רייד — צוגעוואָרפן צו זיי אַ דערמוטיקונג:

— שוין ניט ווייט, קינדער. נאָך דריי גאַסן בלויז דורכצוגיין און מיר וועלן שוין זיין אינדרויסן פון דער געטאָ, אין דער „אַרישער" זייט...

דאָס יונגע פאָרפאָלק האָט געשוויגן. בלויז מאַלקעלע — צי פון גרויס מידקייט, צי פון געפאַר־שרעק, אָדער עפשער גאָר פון אויפרעגונג איבער דער נאָר וואָס דורכגעלעבטער פאַסירונג — האָט אַ טיפן זיפץ געטאָן. אָבער דער יונגערמאַן האָט דאָס אויפגעכאַפּט, איר ווייך אויסגערעדט און זי באַרואיקט:

— נאָר ניט פאַרצווייפלט, מיין פריינט, נאָר ניט פאַרצווייפלט!... עס איז דאָך שוין פאַרפאַלן און איר קאָנט זיך גאָרניט העלפן. לעבן — מיינט קאַמף און קאַמף — מיינט ריזיקע. דערפאַר, אָבער, אַז עס וועט דורכגיין בעשאָלעם,

וועט איר קאָנען העלפן אָפּצאָלן די נאַצישע הינט פאַר אַלץ מיט אַן אַנדער . . .

מאַלקעלע האָט ווי אין צושטימונג אַ שאָקל געטאָן מיטן קאָפּ. זי האָט זיך צוגעבויגן צו דעם ציכל־זעקעלע, וואָס אוורעמל האָט געטראָגן, האָט עס מיט ליבשאַפט צערטלעך אַ גלעט געטאָן, אָבער גלייך — נאָר ווי אַן אָפּגעבריטע — זיך אַ כאַפּ געטאָן, אָפּגעווישט די טרערן און פאַרשטיקט דעם כליפּ, וואָס האָט געהאַלטן ביים אַרויסרייסן זיך פון איר ברוסט אַרויס . . .

פינצטער און שטיל איז געווען אין דעם קאַנאַליזאַציע־טונעל — גאָרניט צום דערקענען, צי אינדרויסן איז טאָג, אָדער נאַכט. דאָס קליינע לעמפּל מיטן רויטן גלעזל האָט שוואַך באַלויכטן אַ שטיקל רונדן פלעק, אַף עטלעכע טריט פאָרויס פון דער גרופּע. די שטילקייט האָט בלויז שאַרפער אַרויסגעשיילט דעם פּאַכעד, וואָס האָט אַרויסגעהויכט פון די דריי מענטשן . . .

— נו, דאָ פאַרקירעווען מיר זיך לינקס, — האָט דער אָנפירער מיטאָמאָל אַ זאָג געטאָן, דערביי אָנגענומען מאַלקעלען ביי דער האַנט און איר געהאָלפן אַריבערשפּאַנען איבער דעם רינשטאָק. — נאָך אַן איינציקע גאַס דורכצוקריכן און . . . דאָרט וועלן מיר זיך צוזעצן אָפּרוען, וואַרטן ביז עס וועלן אָנקומען די צוויי יאַטן מיט די דאָקומענטן, וועלן אייך איבערנעמען פון מיר און אייך שוין צושטעלן אין וואַלד אַריין, צו די פּאַרטיזאַנען . . .

מאַלקעלע האָט צוגעוואָרפן אַ צוטרוילעכן דאַנק־שמייכל צום יונגנמאַן און געשוויגן. זי איז שוין איצט געגאַנגען מעכאַניש, ווי אַ געפירט קעלבל. זי האָט שוין קימאַט ווי ניט געזען די רויט־רעפלעקטירטע ציגל אַרום זיך און ווי פאַרגעסן אין דער געפאַר, אַז די נאַציס קאָנען זיך עפשער יאָגן נאָך זיי. אין איר געדאַנק האָט זיך איצט גאָר גענומען דורכוויקלען דאָס גאַנצע לעבן אירס: די יאָרן פון איר קינדהייט, פון איר מיידלשאַפט, פון אירע ליידן בעז־אייסן דינען באַ יענעם . . . דערנאָך — די צייט וואָס זי האָט זיך באַקענט מיט איר אַוורעמלען, די כאַסענע זייערע און . . . עך, אַזויפיל שיינע האָפנונגען געבויט צוזאַמען, אַזעלכע זיסע כאַלוימעס געטרוימט. אָבער מיטאָמאָל — די נאַציס . . . אַלע אירע און אַוורעמלס האָפנונגען, אַלע פּלענער, זענען דורך זיי צעשטערט און צו נישט געוואָרן . . . זיי האָבן אַזוי געפּייניקט, אַז דאָס לעבן איז פּאָשעט ניט ניכע געווען . . . איז אָבער באַלד נאָך זייער אָנקומען אויך געבוירן געוואָרן דאָס קינד, ציפּעלע, און דאָס האָט געצוואונגען זיך אָנצו־האַלטן ביים לעבן, זיך אָנצונעמען מיט נייעם אויסדויער אין אָט די פינצטערע טעג פון שקלאַפערײַ, ביז . . . דאָס נייע אומגליק, וואָס די פאַרשאָלטענע האָבן געבראַכט אַף איר, אַף זייער אָרעמען, אומגליקלעכן לעבן . . .

„עך, גאָט מיינער!" — האָט זי פּיינלעך אַ זיפץ געטאָן, — „אָנגעהויבן מיטן זיידן און דערגאַנגען צום אייניקל, אַז פאַרשאָלטן זאָל זיין זייער געבײן !...״

אַ צעוויייטיקטע, מער פון דער דערמאָנונג ווי פון מידקייט, האָט מאַלקעלע

זיך אַרונטערגעזעצט ווען זיי זענען ענדלעך אָנגעקומען צום געהעריקן פּלאַץ, און — אָנגעלענט איר קאָפּ אין אָווערמלס אַקסל, בעאייסן וואַרטן אַף ווייטער־דיקע אָנווייזונגען — זיך איבערגעגעבן צו אירע טראַכטונגען . . .

* * * *

מאַלקעלע האָט געהאַט אַ „גוטן" אָנדענק וועגן דעם אָנהויב פון די נאַציס, אַ פּינקטלעכן סימען. מיט זייער אָנקום איז פאַרבונדן דער אומקום פון איר טאַטע־מאַמע . . . פון איר פריער קינדהייט אין קליינעם שטעטל לעבן וואַרשע האָט זי געדענקט ווי אַף אַ בעט אין טונקעלן שטיבל איז דער טאַטע אירער געלעגן אַ צעשלאָגענער, מיט אַזויפיל באַנדאַזשן אַרום זיין קאָפּ, אַז מען האָט אַפילע דאָס פּאָנים ניט אַרויסגעזען. ער איז געלעגן און שווער געכריפּעט. מיטאַמאָל האָט ער זי צוגערופן, איר צערטלעך געגלעט איבערן קעפּל און געוויינט:

— מאַלקעלע, טעכטערל, — האָט ער געשעפּטשעט, — זאָלסט ניט פאַר־געסן דעם טאָטן דיינעם. זאָלסט טאָמיד געדענקען, אַז ער איז געפאַלן דורך די הענט פון די פאַרשאָלטענע פאַשיסטן, קעגן וועמען ער האָט געקעמפט . . .

דערנאָך, עטלעכע טעג שפּעטער, איז ער ניט געוואָרן. עפּעס נאָר ווי דאָס בעט זיינס וואָלט דאָס בלוט פון אים אויסגעזאַפּט. פרעמדע מענטשן, וועלכע זי האָט קיינמאָל פריער ניט געזען, האָבן זיך אַרומגעפּאָרעט אין שטוב. איינער פון זיי האָט געהאַלטן אַ רעדע, אַז מוישע־בער, דער טאַטע אירער, איז געפאַלן אַ קאָדעש אין קאַמף לעטויוועס האַקלאַל, און אַז זיין נאָמען וועט פאַרשריבן ווערן מיט גאָלדענע בוכשטאַבן אין בוך פון פרייהייט. ער האָט אויך געזאָגט, אַז שוין לאַנג נאָכדעם ווי היטלער וועט זיין אַ פאַרגעסענער; ווען עס וועט שוין קיין שום זייכער ניט בלייבן פון זיינע אָנהענגער, וועלכע האָבן געוואָלט זיין מערדערישע לערע אַריבערפלאַנצן אין פוילן, — וועט נאָך אַלץ מוישע־בערס נאָמען זיין אַן אָנזאָג, אַז מען דאַרף קעמפן קעגן פאַשיזם ביים סאַמע באַווייזן זיך . . .

די מאַמע, אַ דאַרע אַזאַ, אַ הויכע, מיט טרויעריק־שטאַרע אויגן, האָט געכאַליעשט, און ווייבער — שכיינים — האָבן זי געמונטערט. די מומע גיטל, דער מאַמעס שוועסטער, האָט געכויזעקט פון די רעדעס און געמורמלט:

— נו־יאָ, אַ גרויס גליק האָט אונדז געטראָפן וואָס ער איז געפאַלן פון פאַשיסטן. קיין ברויט דערפון האָט מען ניט . . . נו־נו, אַ איד זאָל זיך עס גאָר אָנהויבן מיט גאָים . . . זעסטו, שוועסטער לעב, ביי מיר וואָלט ער ניט גע־גאַנגען אויף קיין דעמאָנסטראַציעס, זיך שטעלן קעגן מערדער־באַנדיטן . . .

מיטאַמאָל האָט זי גאָר גענומען טרייסטן און באַרואיקן דער מאַמען:

— נו, וויפל איז דער שיער, וויפל ? . . . נישקאָשע, דער גאָט וואָס שפייזט דעם וואָרעם אין דער ערד, וועט דיך אויך ניט פאַרלאָזן... וועסט אַריבערקומען צו מיר און וועסט דיר אין מיין וואַרשטאַט דיין שטיקל ברויט פאַרדינען . . .

די מאַמע האָט זיך אָבער ניט געלאָזט טרייסטן. זי האָט אַלץ געוויינט און אַלץ געכאַלעשט. עס האָט ניט גענומען לאַנג, איז זי אויך געשטאָרבן. געהערט האָט מאַלקעלע ווי די שכיינים האָבן געזאָגט, אַז איר האַרץ איז אויסגעגאַנגען ווי אַ לעכט פון בענקשאַפט נאָך איר מוישע־בערן . . .

פון דעמאָלט אָן האָט מאַלקעלע — אַ קינד פון דרייצן יאָר — געוואוסט, אַז אין דייטשלאַנד איז אויפגעקומען איינער אַ היטלער, וואָס האַרגעט אויס מענטשן, און אַז אין פוילן האָט ער זיינע אַרויסהעלפער. פון יענעם טאָג אָן פלעגט זי מאַמעס אויפציטערן ביים דערהערן דעם נאָמען, אַזש צום וויינען...

באַלד האָט די מומע גיטל זי אָנגענומען ביים הענטל און זי אַוועקגעפירט צו זיך. אַזוי איז זי שוין געבליבן ביי דער מומען אין הויז און זיך דאָרט געכאַוועט צוזאַמען מיט אירע קינדער, די קוזינעס. זי איז דאָרט געשלאָפן אַף אויסגעבעטע שטולן און געטראָגן די קליידלעך, וואָס דער מומעס קינדער האָבן אויסגעטראָגן. אָבער בעאייס דער מומעס קינדער זענען געגאַנגען אין שקאָלע אַריין, האָט זי, מאַלקעלע, גאָר געמוזט בלייבן אַרבעטן אין הויז: רוימען און וואַשן, אָדער גאָר לאַטען די צעריסענע קליידלעך. מאַלקעלען האָט דאָס פאַר־דראָסן, אָבער זי האָט אַלץ געדולדיק דורכגעטראָגן. איר איז דאָ געווען פריי־לעך, צוליב די נייטערנס, וואָס האָבן געאַרבעט ביי דער מומען אין וואַרשטאַט. זיי האָבן איר געגעבן מוט און זי אויסגעלערנט אַזעלכע שיינע האַרציקע לידער וועגן אָרעמע יעסוימעס, פאַרשפּילטע ליבעס און אַנדערע טרויעריק־זיסע זאַכן, אַז ס'האַרץ איז אַזש ביי איר אויפגעגאַנגען פון פריידיקער בענגשאַפט . . .

אָבער אַ יאָר שפּעטער, ווען מאַלקעלע איז אַלט געוואָרן פערצן יאָר, האָט די מומע זיך פּלוצים אָנגעהויבן קלאָגן, אַז מאַכמעס די נייטערנס האָבן ערשט געהאַט געשטרייקט פאַר העכערע סכירעס, איז די פאַרנאָסע פון איר וואַרשטאַט געפאַלן און זי קאָן שוין דעריבער מער ניט אויסהאַלטן באַ זיך אַזאַ גרויסע מויד קענעהאָרע. מאַלקעלע האָט אָבער געהערט פון די מיידלעך, אַז דאָס זאָגט זי אַזוי בלויז דערפאַר, ווייל מען האָט אין שטעטל אָנגעהויבן רעדן, אַז זי האָט אַריינגענומען דער שוועסטערס יעסוימע אין הויז אַריין, נוצט זי דאָרט אויס פאַר אַ פאַשעטער דינסט — און דערצו נאָך אָן אַ גראָשן געלט . . .

האָט זיך דעמאָלט אָנגעהויבן אַ סעדרע פון וואָגלענישן פאַר מאַלקעלען. די מומע האָט זי איבערגעגעבן צו עפּעס אַ איד אַ מעקלער, וועלכער האָט זי אַוועקגעפירט קיין וואַרשע און דאָרט זי פאַרדונגען צו אַ באַלעבאָסטע פאַר אַ דינסט־מויד. אָבער מאַלקעלע האָט זיך דאָרט לאַנג ניט געהאַלטן. די דאָזיקע באַלעבאָסטע האָט זיך באַקלאָגט פאַרן מעקלער:

— וואָי איז מיר, ווי איז עס געהערט געוואָרן, רעב איד, אַז אַ דינסט־מויד זאָל עס אַפּליגן גאַנצע נעכט אַפּן בעטל און לייענען מאַיסע־ביכלעך גאָר? ווי אַזוי קאָן עס שוין אַזאַ מויד טין איר אַרבעט אַף צומאָרגנס? . . . היינט איר פּיסקעלע — מען טאָר דאָך איר גאָרניט זאָגן, דער פּריצטע . . .

האָט דער מעקלער זי אָוועקגעפּירט אַף אַ צווייטער שטעלע. אָבער די נייע מאַדאַם האָט ניט געוואָלט פאַרליידן וואָס זי, מאַלקעלע, האָט געהאַלטן אין איין זינגען לידלעך, נאָר ווי עפּעס אַ כציפע, וועגן ליבעס . . .

אַן אַנדערע שטעלע — און דעמאָלט איז מאַלקעלע שוין אַלט געווען אַרום זיבעצן יאָר — האָט זי אַליין אַוועקגעוואָרפן, ווייל זי האָט ניט געוואָלט ליידן די גנייוועשע קניפּעלעך, וואָס דער באַלעבאָס האָט איר געגעבן בעאייס די מאַדאַם איז ניט געווען אין הויז. האָט אים טאַקע מאַלקעלע אָפּגעטאָן אַ שפּיצל. איינמאָל, דאַווקע ווען די מאַדאַם איז געשטאַנען דערביי, האָט זי, מאַלקעלע, ווען זי האָט גראָד עפּעס צוגעטראָגן דעם באַלעבאָס — מיט אַ שטאָך אַ זאָג געטאָן צו אים:

— אוי, פּאַניע שטאַינגוט, טיץ מיר אַ געפעליקייט און גיץ מיר אַצינד אַ קניפּ. יאָך האָ דאָך אַזוי ליב ווי זי קנאַפּן — מאַמעש אַ מעכאַיע . . .

פאַרשטייט זיך, אַז נאָך דעם זעלבן אָוונט האָט זי געדאַרפט איינפּאַקן איר קוישל מיט די זאַכן און אַוועקגיין. אָבער דאָסמאָל האָט זי זיך שוין גאָרניט געזאָרגט. אירע אַ כאַווערטע זאָשע, אויך אַ דינסט־מיידל, מיט וועלכער זי האָט זיך באַקענט אַף איר לאַנגן שטעלע־וואַנדער, האָט איר געהאַט אָנגעזאָגט, אַז טאָמער בלייבט זי ווען אָן אַ שטעלע, זאָל זי גלייך קומען צו איר. זי וועט ביי איר קאָנען איבערנעכטיקן, אָפּעסן, און וועט אַף צומאָרגנס האָבן אַ נייע, אַ בעסערע שטעלע, וואו זי וועט זיך פילן מאַמעש ווי אַן אייגן קינד . . .

אַף צומאָרגנס, אַזוי גיך ווי מאַלקעלע איז אָנגעקומען אַף דער נייער שטעלע, האָט זי — מען קאָן זאָגן קימאַט צום ערשטן מאָל זינט זי איז געווען אין וואַרשע און גערינט ביי יענעם — געהאַט דעם אָוונט פריי פאַר זיך. זי איז דאַן אַוועק צו דער כאַווערטע און איז אַרויס מיט איר אַף שפּאַציר. ערשט איצט האָט זי צום ערשטן מאָל געהאַט די געלעגנהייט צו באַטראַכטן די גאַס, די קראָמען, און די שפּאַצירנדיקע מענטשן. ווייל פריער — אַ כוץ דעם, וואָס זי האָט ביכלאָל ניט געוואוסט פון קיין פרייען אָוונט פאַר זיך, האָט זי פּאַשעט מוירע געהאַט אַרויסצוגיין איינע אַליין אין אָוונט אַף דער גאַס אַרויס . . .

האָט זי דערפאַר איצט גאָר אויפגעלעבט. איר כאַווערטע זאָשע, וועלכע איז שוין פיל לענגער ווי זי געווען אין דער גרויסער שטאָט און געוואוסט וואו איין און וואו אויס, האָט איר דערקלערט, אַז עס איז גאָר ניטאָ וואָס צום שרעקן זיך, ווייל אַלץ איז געווענט אין דער מיידל גופע; אַז עס הענגט אָפּ פון דער געזעלשאַפט אין וועלכער זי פאַרברענגט און מיט וועמען זי גייט. זי

האָט איר געאייצעט זיך אָנצושליסן אין פראָפּאַריין און זי דערביי פאַרזיכערט, אַז דאָרט וועט זי געפינען צופרידנקייט מיט גרויס פאַרגעניגן און . . . ווער ווייסט . . . עפשער אויך באַגעגענען דאָרט איר באַשערטן . . .

* * * * *

**דער שוסטער,** ביי וועמען אַוורעמל, מאַלקעלעס באַשערטער, האָט געאַרבעט, האָט פאַרנומען אַ דירע אין דעם זעלבן הויף, וואָס האָט געהערט צו איר באַלעבאָס, ביי וועמען זי האָט געדינט. דער אַריינגאַנג צו דער דירע איז אָבער געווען דורכן טויער. בלויז דאָס פענצטער, וואו אַוורעמל איז געזעסן מיט נאָך געזעלן און לערן־אינגלעך, איז אַרויסגעגאַנגען אין הויף אַריין. מאַלקעלע האָט דעריבער ניט געהאַט די געלעגנהייט צו זען אַוורעמלען, כאָטש ער — ווי די אַנדערע יאַטן ביים שוסטער — האָט זי יאָ געקאָנט זען, בעאייס זי פלעגט דורכגיין דעם הויף, אַפּן וועג צו דער גאַס אַף איינצוקויפן. אַוורעמל איז אָבער בעטעווע געווען אַ שטילער, שעמעוודיקער און אַ צוריקגעהאַלטענער באָכער. און כאָטש די אַנדערע געזעלן פון וואַרשטאַט — אינגערע פון אים — האָבן זי געפלעגט פרעסן מיט די אויגן בעאייס איר פאַרבייגיין, און איינער פון זיי האָט אַפילע איינמאָל אויסגעפייפט אַ הילכיקן „אָהאָ“ הינטער איר און געצויגן אַוורעמלס אויפמערקזאַמקייט צו דער „ליאַלקע“, האָט אַוורעמל, אָבער, מאַכמעס שעמעוודיקייט, קוים די אויגן אויפגעהויבן אַ קוק צו טאָן אַף איר.

„סלעימקע סטיפּטל“, אַ ליטוואַק, וועמען די יאַטן האָבן אַזוי גערופן, ווייל ער האָט ניט געקאָנט אויסרעדן קיין שין, איז אַוורעמלען דערגאַנגען די יאָרן:

— ביסט עפּסער גאָרניסט־ניט קיין מאַנספּאַרסוין און האָסט גאָרניסט קיין סום מענערסע געפילן, ניט צו וועלן אַ קוק טאָן אַף אַזאַ סיינער מויד! . . . אָט, קוק נאָר אַף ציקאַווּעס, אַוורעמציק, אַ מויד — נאָר אַ בראָכע צו מאַכן! . . .

אָבער אַוורעמל האָט זיך ניט אומגעקוקט און אַפילע ניט געענטפערט. ער האָט, גלייך ווי גאָרניט, אַ נעם געטאָן דאָס הייסע פּאָליר־אייזן פון דעם ליכט־פלעמל אַראָפּ, ענערגיש גענומען פּאָלירן דעם זויל פונעם דאַמען־שיכל אַף וועלכן ער האָט געאַרבעט און דערביי היסלייוועסדיק גענומען זינגען זיין באַליבט לידל:

— „איז געקומען אין שטעטעלע אַ כאַזנדל דאַווּנען אַ שאַבעס,
אוי, דאַ־אַ־ווע־נען אַ שאַ־וואַ־וואַ־בעס . . .

דאָס האָט גענומען די יאַטן. זיי אַליין האָבן ווי פאַרגעסן אין די מיידלעך, אונטערגעכאַפּט דאָס לידל און גענומען פאַרזעצן:

— „רופט זיך אָפּ־עט דאָס שוסטערל: אַי, האָט ער גע־דאַ־אַוונט . . .

אַזוי ווי מען גיט, מיט דעם אָל אַ שטאָך,
מיט דער דראַטווע — אַ צי, —
אַי, האָט ער גע־דאַ־אַוונט,
אַי־אַי־אַי־אַי־אַי־אַי, האָט ער גע־דאַ־אַ־אַ־אַוונט! . . ."

אָבער „סלעימקע סטיפטל“ האָט פאָרט ניט אָפּגעלאָזט אַוורעמלען. מער ווי די אַנדערע פלעגט ער אים מיקלוימערשט פון דער זייט שטעכעלירן:

— איי, לאָסט אים אָפּ־עט, אַוורעמציקן. וואָס דאַרף ער דען מיידלעך, אַז ער ווייסט דאָך ניט וואָס צו טאָן מיט זיי . . . אָט, גיט אים בעסער עפּעס אַ פּאָרטל ווי אַזוי צו מאַכן פון איין סטיקל לעדער צוויי פּאָדעסוועס, וועט איר סוים יעמלט זען ווי ער וועט עס צעעפּענען אַ פּאָר קוקערס! . . .

און ער איז געווען ניט אינגאַנצן אומגערעכט, „סלעימקע סטיפטל“. וואָרים נאָך פון סאַמע ערשטן טאָג אָן ווען אַוורעמל איז אָנגעקומען אַף דער לער צו אַ שוסטער, האָט אים גלייך פאַראינטריגירט די פראַגע, וואָס עס ווערט געטאָן מיט די שטיקלעך אָפּשניטן פון דעם פּאָדעשווע־לערער, וואָס וואַלגערן זיך אַרום אַף דער ערד. עפּעס אַזאַ שטאַרקער אומדערקלערבאַרער באַגער צו מאַכן עפּעס דערפון, האָט אים מאַמעש ווי פאַרפאָלגט. ניט איינמאָל פלעגט ער שוין רעדן וועגן דעם:

— עך, ווען מען זאָל קאָנען מאַכן אַזאַ שטאַרקן קלעי צוזאַמענצוקלעבן די אָפּשניטלעך, וואָלט מען דאָך דערפון געקאָנט מאַכן גוטן פּאָדעשווע־לעדער... דעמלט וואָלט מען געקאָנט רעכענען ביליקער פאַר אַרבעט און אָרעמעלייט וואָלטן זיך געקאָנט פאַרגינען צו לאָזן אָפטער פאַריכטן זייערע שטיוול . . .

דער באַלעבאָס זיינער האָט אָפּטמאָל זיך צעבייזערט איבער דעם:

— הער מיר אויף צו כאָלעמען און נעם זיך בעסער צו דער אַרבעט! . . . עס האָבן זיך שוין פאַר דיר געפונען אַזעלכע כאַכאָמים ווי דו און זיי וויסן שוין איצט, אַז ווען מען האַקט האָלץ — מוזן פאַלן שפּענער! . . .

האָט אַוורעמל באַגריפן, אַז קאָל־זמאַן ער וועט אַרבעטן באַ יענעם, וועט ער גאָרניט קאָנען טאָן וועגן דעם. ער האָט אָבער געכאָוועט אַ האָפנונג, אַז שפּעטער, ווען ער וועט כאַסענע האָבן און אַרבעטן פאַר זיך, וועט ער שוין דאַן פּרואוון אויסצוגעפינען אַ פאָרטל דערצו . . . דאַן וועט ער אַוועקפאָרן קיין ערעץ־איסראָעל און דאָרט פאַרלייגן אַ פאַבריק אַזאַ . . . דאָס, — האָט ער געטראַכט, — וועט זיין אַ בראָכע פאַרן לאַנד און ער וועט דערפון האָבן פּאַר־נאָסע בערייוועך . . . וואָרים האָט ער דען ניט געהערט אַף די פאַרזאַמלונגען וועלכע ער באַזוכט, אַז די כאַלוצים גייען מאַמעש אַרום באָרוועס, ווייל לעדער קאָסט דאָרט זייער טייער? . . .

מיט אָט די האָפנונגען האָט אַוורעמל געלעבט און געוואַרט . . .

זומערצייט, ווען די פענצטער פונעם וואַרשטאַט און סיי פון די אַנדערע

דירעס אין הויף זיינען געשטאַנען אויפגעפּראַלטע, קעדיי אַריינצולאָזן די שמעקעדיקע לופט פונדרויסן, — האָבן די יאַטן פון שוסטער־וואַרשטאַט געהאַט אָפּטערע געלעגנהייטן צו וואַרפן בליקן אַרויפצו, אַנטקעגנאיבער צום פענצטער פון צווייטן שטאָק, וואו דער הויז־ווירט האָט געוואוינט, אין האָפענונג צו זען זי, דאָס דינסט־מיידל מיט די קופּערנע האָר און בליציק־גרינע אויגן...

אָבער דאָס איז זיי זעלטן געלונגען. מאַלקעלע איז געווען פאַרטאָן אין איר אַרבעט און האָט ניט אינזינען געהאַט סטאַם אַרויסצוקוקן. יעדנפאַלס, האָט זי נאָך דעמלט ניט געוואוסט, אַז אונטן, ביים שוסטער אין פענצטער, געפינט זיך אַ באָכער אַוורעמל, וועלכער . . .

יאָ, אַז דאָרט, ביים שוסטער, געפינען זיך באָכערים אַרבעטער, — האָט זי שוין געוואוסט פון אַ צייט צוריק, נאָך פון דעמלט ווען זי האָט אַריינגעטראָגן אירע שיך צו לאָזן מאַכן נייע זוילן און קנאַפּלעך. זי האָט אָבער דערביי ניט געהאַט די געלעגנהייט אַריינצוקוקן אין וואַרשטאַט גופא. רעב מוישע, דער שוסטער־באַלעבאָס, האָט ביי איר אָנגענומען די אַרבעט ביי זיך אין פּאַרהויז,— די „קאַנטאָר" זיינע. דורך דער עטוואָס־צעעפנטער טיר האָט זי דאַן בלויז געזען די ברייטע פּלייצעס פון די באָכערים, וועלכע זענען געזעסן מיט פאַרקאַטשעטע העמדער־אַרבל און מיט לעדערנע פאַרטעכער אָנגעהאַנגען — פאַרטיפט אין דער אַרבעט. יעדנפאַלס, האָט זי בעאייס מאַיסע אַפּילע ניט געזוכט די געלעגנהייט, אַ קוק עפּשער בלויז צוליב פּאָשעטער נייגעריקייט . . .

זי איז געווען אַ פלינקע, לעבעדיקע טוערן, מאַלקעלע, און האָט ליב געהאַט בעאייס דער אַרבעט — ספּעציעל נאָך ווען זי איז געבליבן אַליין אין הויז — צו זינגען אַלערליי פאָלקס־לידער. און אַוואַדע נאָך איצט, ווען דער יונגער זומער האָט אין איר האַרצן צעשפּילט אַזאַ טיפע אומדערקלערבאַרע פרייד, איז זי זיך ערשט אַף אַן עמעס פאַנאַנדערגעגאַנגען מיט די לידער.

איר געזאַנג האָט זיך ברייט און הילכיק צעטראָגן איבערן גאַנצן הויף און האָט אויך דערגרייכט דעם שוסטערס פענצטער. די יונגען ביים וואַרשטאַט זענען אַזוי פאַרכאַפּט געוואָרן פון איר ליבלעך־אָנגענעמער שטימע און טיפן, געפילפולן געזאַנג, אַז זיי האָבן פּאָשעט אָפּגעלאָזט די הענט פון דער אַרבעט. איינער נאָכן אַנדערן האָבן זיי אויסגעדריקט באַוואונדערונג איבער דעם און „סלעימקע סטיפּטל" האָט גענומען אונטערוואַרעמען אַוורעמלען:

— הער נאָר, אַוורעמציק, סאַראַ פּיסקעלע דאָס האָט! . . . מאַמעס גאָלד מיט בריליאַנטן . . . מיט אַזאַ פּיסקעלע, אַזאַ פיגורקעלע און אַזאַ פּיסענאָמיע, איז זי דאָך ווערט אַ מיליאָן, ווי איך בין אַ איד. אַן עמעסע נאַקטריצע . . .

אַוורעמל האָט גאָרניט געענטפערט, אָבער דאָס האַרץ זיינס האָט געציטערט. ווי אַ פאַרבענקטער האָט ער אין געדאַנק גענומען שטיל מיטזינגען מיט מאַלקעלעס ראָמאַנטיש־צאַרטן ליד:

— „קום צו מיר אין כיידערל, וועסט ניט זשאַלעווען, מיין קינד;
ריין וועסטו אַריינקומען און אַרויסגיין וועסטו אָן זינד . . .“
פלוצים האָט „סלעימקע סטיפטל“ אַ זאָג געטאָן צו אים:
— אַ־נו־קאַ, אַורעמציק, באַוויז דו איר כאָטש איינמאָל וואָס דו קענסט! זאָל זי ניט מיינען, אַז זי איז איינע אין וואַרסעווע, וואָס האָט אַ סטימע! . . .
אַורעמל, נאָר ווי אַ היפּנאָטיזירטער, ניט טראַכטנדיק אַפילע ווי עס האָט זיך גענומען צו אים די דרייסטקייט, האָט גענומען אַריבערזינגען:
— „ציכטיק איז מיין כיידערל, בלימעלעך וואַקסן ביי דער טיר;
איך וועל זיצן אַף דער שוועל, דו וועסט זיצן לעבן מיר . . .“
צי אַורעמלס געזאַנג איז דערגאַנגען צו מאַלקעלען, האָבן די יאַטן ניט געוואוסט. זי איז ניט צוגעקומען צום פענצטער אַרויסצוקוקן און זען פון וואַנען דאָס געזאַנג קומט. טיילמאָל, אָבער, בעאייס זי אַליין האָט ניט געזונגען, נאָר פון שוסטערס פענצטער האָט זיך צעטראָגן אַורעמלס געזאַנג, האָט זי שוין יאָ געפלעגט כאַפּן אַ קוק, אָבער איז גלייך צוריק פאַרשוואונדן אין פענצטער אַריין. דאָס האָט דעריבער נאָך מער צערייצט די נייגעריקייט ביי די יונגען...
סיי ווי סיי, אַורעמל און מאַלקעלע האָבן זיך באַקענט ניט דורך דעם איבערוואַרפן זיך מיט לידלעך. געקומען איז עס גאָר דורך אַ גאַנץ אַנדערן אויפן, און קימאַט אומגעריכט פאַר זיי ביידן.
געווען איז עס ביי אַ דעבאַטע צווישן אַ פּויאַליי־ציאָניסט, פון יענער פאַרטיי, צו וועלכער אַורעמל האָט געהערט, און אַ טוער פון דער לינקער אַרבעטער־גרופּע, צו וועלכער מאַלקעלע האָט געהאַט סימפּאַטיעס. די דעבאַטע איז געווען איבערן באַדייט פון בירא־בידזשאַן פאַר אידן און וועגן דער מעג־לעכקייט פאַר פּוילישע אידן זיך דאָרט צו באַזעצן. סיי אַורעמל און סיי מאַלקעלע זענען דאָרט געווען און, פאַרשטייט זיך, יעדער פון זיי האָט הייס אַפּלאָדירט און פאַרגיטיקט דעם רעדנער פון זיין צאַר.
דאָרט, אין זאַל, האָט אַורעמל באַמערקט מאַלקעלען אַנטקעגן זיך און געגומען קוקן אַף איר מיט אַ מאָדנע פאַרדראָס, פאַרוואָס זי איז מיט דער געגנערישער זייט. עס האָט אים אָבער דאָך געצויגן צו קוקן אַף איר. אָבער קוים האָט זי צופעליק אויסגעדרייט איר קאָפּ אין זיין זייט און אירע בליקן האָבן זיך אָנגעגעגנט מיט זיינע, אַזוי האָט ער גלייך — ווי אַן עלעקטריזירטער מאַמעש — אַ כאַפּ אַוועק געטאָן זיינע אויגן און גענומען קוקן מיקלוימערשט אין דער אַנדערער זייט. דערביי האָט ער אָבער געטראַכט, אַז עס וואָלט עפּשער געווען ניט מער ווי רעכט, ווען ער גייט צו איר צו, שטעלט זיך פאָר ווער ער איז און שלאָגט איר פאָר זי אַהיימצובאַגלייטן נאָך דער דעבאַטע. צו דעם האָט אים אָבער, אַפּאָנים, געפעלט מוט און ער איז געבליבן זיצן פאַרומערט . . .
מאַלקעלע, אָבער, וועלכע האָט שוין איצט געוואוסט, אַז ער איז עס דער

באָכער, וואָס לאָזט זיך אָפּט הערן מיט זיינע לידער פונעם שוסטער־פּענצטער, האָט אים גוט באַטראַכט פונוויטן און . . . ער איז איר געפעלן געוואָרן. די געדיכט־קוטשעראַווע, שוואַרצע האָר זיינע, וואָס האָבן זיך אויסגעלייגט אַרום זיין קאָפּ אין אַזעלכע שיינע, רונדע רייפלעך ; די בליציק־שוואַרצע אויגן, דאָס שיינע מויל מיט די פולע ליפּן און דערצו נאָך זיין אָנגענעם־פעסטער קאָל, מיט וועלכן זי איז נאָך פון פריער באַקאַנט געווען, — האָט זי פאַראינטריגירט און זי האָט דערפילט אַזאַ מאָדנע וואַרעמקייט ביי זיך אין האַרצן, וואָס האָט אַזש געצוואונגען איר אָטעם צו יאָגן געדיכטער און האַסטיקער . . .

זי, מאַלקעלע, האָט שוין איצט באַגריפן, אַז עס איז בעכינעם איר פאַרזוך צו באַקעמפן אין זיך דעם ווילן און דראַנג זיך צו באַקענען מיט אים. און כאָטש זי איז געווען גענוג דרייסט אין אַזעלכע זאַכן, האָט זי אָבער מוירע געהאַט, אַז עס וואָלט געמאַכט אַ שלעכטן איינדרוק אָפּן באָכער, אויב זי זאָל אים פאַרטשעפּען. זי האָט דעריבער ביים סאָף פון דער דעבאַטע געבעטן זאָשען, מיט וועלכער זי איז געזעסן צוזאַמען, אַז יענע זאָל זיי צונויפפירן. יענע — אויך ניט קיין פאַרשלאָפענע — איז צוגעגאַנגען צו אַורעמלען :

— אַ פאַינאָ קאַוואַלעיר זענען זי, אינגאַמאַן, — האָט זי כיינעווודיק אים פאַרגעוואָרפן, — לעבן אין זיצט דאָ אינס שאָכנטע, אַ שאַינע פראַילאַין, אין זי — עס זאָל אין עפּעס אַרן . . . זי ווילן דאָך זיכער ניש, אַז יאַך זאָל גור די פראַילאַין אינטאָפירן אַהאַים, סאַדן . . . זי האָבן שוין אַ קאַלע . . .

אַורעמל איז רויט געוואָרן ווי אַ בוריק און שטאַמלענדיק גענומען זיך פאַרענטפערן, אַז ער וועט זיין צופרידן און גליקלעך, אַדראַבע . . .

* * * * *

**זינט יענעם אָוונט**, וואָס אַורעמל האָט באַגלייט מאַלקעלען פון דער דעבאַטע, איז מיט אים פאַרגעקומען אַן עמעסע איבער־קערעניש. אַ גאַנץ אַנדערער, אַ דרייסטערער און מוטיקער איז ער געוואָרן. אין וואַרשטאַט ביי זיך האָט ער שוין אָנגעהויבן רעדן פרייער צו זיינע כאַ־ווירים. מיט שפרודלדיקער פרייד, וואָס האָט געפּלאָסן פון זיין געמיט, האָט ער זיי דערציילט ווי קלוג און שיין זי איז און אַז איר שמייכל גלעט און וואַרעמט ווי אַ יאָנטעוו־זון . . . ער האָט זיי פאַרטרויט, אַז זיי האָבן זיך ליב באַקומען פון ערשטן בליק און אַז גאָר אינגיכן . . . יאַטן האָבן אָנגעקוואָלן און גענומען צושטיין :

— נו, איז ווען־זשע שטעלסטו פאַר אונדז לעקעך און בראַנפן ? . . .

עס האָט לאַנג ניט גענומען. אַורעמל האָט דערקלערט מאַלקעלען, אַז וואָס שאַיך אים — איז ער גרייט, אויב זי, מאַלקעלע, וועט נאָר צושטימען . . .

האָט מאַלקעלע געזאָגט איר וואָרט. וואָרים האָט זי דען ניט די אַלע יאָרן געכאַלעמט וועגן דעם ? . . . האָט זי דען ניט געהאָפט אויסגעלייזט צו ווערן פון דעם דינסט־גאַלעס אין פרעמדע היימען; ליידן פון די מאַדאַמען, פון זייערע מענער און קינדער, וועלכע האַלטן פאַר אַ מיצווע צו הערשען איבער דער דינסט־מויד ? . . . האָט זי דען אַף איר געלעגער ניט אויסגעכאַלעמט אָט אַזאַ פיינעם, אַזאַ שיינעם און געזונטן באָכער ווי אַוורעמל איז ? . . .

דאָס איינציקע, וואָס מאַלקעלע האָט פאַר דער כאַסענע אויסגענומען מיט אַוורעמלען, איז געווען, אַז וועגן אַלעם אין דער וועלט וועלן זיי רעדן צווישן זיך, נאָר ניט וועגן פאָליטיק און וועגן פאַרטיי־שטרייטיקייטן . . .

און ווי אַ צוגאָב דערצו, אָדער אַ פּויעל־יוצא דערפון, — זענען זיי ביידע איינגעגאַנגען אַף אַ קאָמפּראָמיס־פאַרשטענדיקייט. ער האָט אַראָפּגעלאָזט פון זיין נאַציאָנאַליזם, וואָס האָט זיך אויסגעדריקט אין אַ באַגער צו פאָרן קיין ערעץ־איסראָעל ווי אַ כאַלוץ, און זי — פון איר אינטערנאַציאָנאַליזם, אַז מען טאָר ניט אַוועק פון פוילן, נאָר מען מוז בלייבן וואוינען אין לאַנד, ניט גע־קוקט אַף דעם רעגירונג־אַנטיסעמיטיזם און וואַקסנדיקן פאַשיזם, קעדיי אויס־צוקעמפן בעסערע און ברייטערע רעכט פאַר די אידן . . . אָנשטאָט דעם איז ביי זיי באַשלאָסן געוואָרן, אַז אַזוי גיך ווי די שכיינישע סאָוועטן־רעגירונג וועט נאָר עפענען די גרענעצן אַף אַריינצולאָזן פוילישע אידן קיין בירא־בידזשאַן — די צוקונפטיקע אידישע רעפּובליק — זאָלן זיי אַהינפאָרן . . . אין דעם באַשלוס זייערן האָט אַ ניט קליינע ראָלע געשפּילט זייער אייגענער סענטימענט;

„האָבן זיי זיך דאָך באַקענט טאַקע אַף אַן אָוונט וועגן בירא־בידזשאַן . . .“

אַוורעמל איז גלייך אַוועק אין דער קאַנצעלאַריע פון אָט דער געזעלשאַפט, וואָס האָט זיך פאַרנומען מיט דעם פּלאַן פון צו באַזעצן פוילישע אידן אין בירא־בידזשאַן, און געבעטן צו פאַרשרייבן זיי ביידן פאַר קאַנדידאַטן . . .

נאָך דער כאַסענע האָבן זיי זיך אַריינגעקליבן אין זייער נייער דירע, וואָס איז געווען אין אַ קראָם צו דער גאַס צו, איבערגעטיילט מיט אַ ווענטל, — האַלב פאַרן וואַרשטאַט און האַלב פאַר דער וואוינונג. אַוורעמל האָט אַיז אַ געקויפט די נויטיקע קיילים און געלאָזט מאַכן אַ שילדל, אויפצוהענגען איבער דער אַריינגאַנג־טיר פון קרעמל, און אויסצומאָלן דערויף אַ מענערשן און אַ־ דאַמען־שוך, מיט די ווערטער אַף פויליש און אידיש:

„אַוורעמל שוסטער, נעמט אָן באַשטעלונגען און צום פאַריכטן . . .“

אַ גרויסער יאָנטעוו־טאָג איז געווען ביי אַוורעמלען און מאַלקעלען ווען מען האָט דאָס דאָזיקע שילדל אויפגעהאַנגען. עפּעס נאָר ווי אַן אייגענע זון וואָלט אויפגעגאַנגען איבער זיי, — אַ זון, וואָס וועט זיי וואַרעמען און צערטלען מיט אַ צוזאָג פון זעלבסטשטענדיקייט, פון אומאָפּהענגיקייט . . .

מאַלקעלע האָט פון אָט דער אָרעמער וואוינונג געמאַכט אַ באַקוועמע און

געמיטלעכע היים. מיט ליבשאפט און פלייס האט זי עס אויסגעוואשן און ארומ־געפוצט, באהאנגען די פענצטער און די אריינגאנג־טיר מיט שיינע, קאלירטע פארהענגלעך, און אפילו אליין אפגעפארבט דאס פארצאמונג־ווענטל מיט אזא ליכטיקער פארב — צוגעפאסט צו איר פריידיקן, האפנונגספולן געמיט. און אז אלץ איז פארטיק געווארן, האט זי זיך געפרייט ווי א קינד מיט א נייער, אייגענער ליאלקע. זי האט געקושט אורעמלען און צוגעוואונטשן:

— זאל אונדז זיין מיט מאזל! . . . פון דאנען — אין אן אייגן הויז! . . .

ער, אורעמל, האט זיך גלייך מיט גרויס כיישעק א נעם געטאן צו זיין אלטער אמביציע: אויסצוגעפינען אזא שטארקן קלעי אף צונויפצוקלעבן די אפפאל־שטיקלעך פון לעדער, קעדיי דערפון צו מאכן גאנצן פאדעשווע־לעדער. איצט איז עס אים שוין געגאנגען אין לעבן צו האבן די דערפינדונג ווען ער וועט פארן קיין בירא־בידזשאן, צו שענקען עס א מאטאנע דעם לאנד . . .

אינגיכן האט אבער אורעמל אויסגעפונען, אז עס איז שוין פאראן אזא זאך. ער האט אויך באגריפן, אז דערויף זענען נויטיק מאשינען און פרעסן, ווי אויך גרויסע קאפיטאלן, איינצושטעלן פלעצער מיט אגענטן, אף צום איינ־קויפן דעם אפפאל און צו פארקויפן די פארטיקע סכוירעס . . .

אבער אינגאנצן אויפגעבן זיינע אמביציעס האט ער אויך ניט געוואלט. עפעס האט ער פארט געוואלט מיטנעמען מיט זיך אין דעם נייעם אידישן לאנד אריין. ער האט זיך דעריבער א נעם געטאן צו מאכן אזא מין שטארקע דראט־ווע, וואס זאל האלטן ווי אייזן. און דאס איז אים שוין יא געלונגען. ער האט זיך דערטראכט צו א פארטל אויסצוארבעטן אזא מין וואקס — געמישט מיט עפעס אן אנדערן מאטעריאל — און מיט דעם איינגעריבן די דראטוועס. איינ־גיכן האט מען זיך צווישן די שוסטערס פון געגנט דערוואוסט וועגן דער דאזיקער נייער „שטאל"־דראטווע און זיי האבן אנגעהויבן קויפן ביי אים צו עטלעכע פעדים פארן אייגענעם געברויך. אורעמל האט דעריבער — ווען נאר ער האט געהאט א פרייע מינוט צייט פון זיין ארבעט — געמאכט די דאזיקע ראטוועס און טאמיד געהאט גרייט עטלעכע בינטלעך הענגען אף דער טיר, לעבן זיין ווארשטאט . . .

קיין גליקן, אבער, פון דער „שטאל"־דראטווע האט אורעמל ניט געמאכט. ווארים וויפל, משטיינסגעזאגט, האבן שוין די ארעמע שוסטערס פון דער געגנט געקאנט באצאלן אורעמלען פאר די דראטוועס, וועלכע ער האט געדארפט מאכן מיט זיינע הוילע הענט? . . .

קיין צופיל פארנאסע פון זיין שוסטעריי — איז אויך ניט געווען. די געגנט, וואו אורעמל האט געוואוינט, איז געווען אן ארעמע, און פון בא־שטעלונגען אף נייער ארבעט — איז געווען אפגערעדט. די דארטיקע איינ־וואוינער האבן זיך אפילו ניט געקאנט פארגינען צו לאזן פאריכטן זייערע

שטיוול און שיך ווען עס איז זיי נויטיק געווען. און יענע, וואָס האָבן עס שוין געמוזט לאָזן טאָן, זענען דאָס ראָוו אַוועק אַף דער וואָלעווע גאַס, אַפּן אָפּענעם מאַרק, וואו עס האָט געקאָסט ביליקער . . .

אַורעמל האָט זיך זייער שטאַרק געזאָרגט און זיך געגעסן איבער דעם. ער האָט דאָך אַזוי געהאָפּט צו קאָנען געבן מאַלקעלען געגוג אַף פּאַרנאָסע . . . ער האָט דעריבער גענומען זיך פּרואוון צו קריגן אַ שטעלע אין דער גרויסע מעכאַנישער שיך־פאַבריק, וואָס האָט געאַרבעט פאַר דער פּוילישער רעגירונג. אָבער דאָרט, האָט ער גיך אויסגעפונען, האָט מען קיין אידן ניט אָנגענומען...

שווער איז דעריבער געווען דאָס אָרעמע לעבן זייערס. אָבער מאַלקעלע האָט זיך ניט באַקלאָגט און זיך ווי ניט איז אַן אייצע געגעבן. פון די אָרעמע פּאַרדינסטן אַורעמלס האָט זי געפירט די באַלעבאַטישקייט אַף אַזאַ אויפן, וואָס האָט זיי ניט פאַרשעמט. אָפּט פלעגן זיי נאָך פאַרבעטן פריינט צו גאַסט צו זיך, און מיט מאָגערן קיבוד פאַרבראַכט צוזאַמען אין פרייד און האָפנונג . . .

פריילעך איז אויך געווען באַ זיי אין פּאָשעטע וואָכנדיקע טעג. אַורעמל — אין וואַרשטאַט ביי דער אַרבעט, און מאַלקעלע — אין דער קיך, הינטער דער פאַרצאַמונג, האָבן טאָמיד געזונגען פריילעכע לידער, וואָס האָבן מאַמעש די גאַס פאַרקלונגען. מענטשן, שכיינים, פלעגן זיך אָפּט אָפּשטעלן ביי דער טיר, זיך איינהערן אין דעם געזאַנג און אויסגעדריקט באַוואונדערונג:

— קיין אַין־האָרע ניט, אַ פּאָרל — נאָר פון גאָט געבענטשט! . . .

עס איז זיי אָבער, דעם פּאָרל, אַפּאַנים ניט באַשערט געווען אָנצוהאַלטן די פרייד אַף לאַנג. בלויז אַ פּאָר יאָר נאָך זייערע כאַסענע — און עס האָבן זיך אָנגעהויבן צו טראָגן מילכאָמע־קלאַנגען און אומרואיקע מורמלערייען. דער פּראָיעקט וועגן באַזעצן פּוילישע אידן אין בירא־בידזשאַן איז מיטאַמאָל גע־וואָרן אָפּגעשטעלט פון דער סאָוועטן־מעלוכע, מאַכמעס — ווי מען האָט גע־שמועסט — די יאַפּאַנעזער האָבן אָנגעהויבן מילכאָמע־אַוואַנטיורעס אין יענער געגנט. באַלד איז אָנגעקומען די „מינכען־פעריאָדע“ און מען האָט שוין עפנטלעך גענומען שמועסן, אַז די דייטשישע נאַצים גרייטן זיך אַף אַ גרויסער מילכאָמע און אַז דאָס ערשטע לאַנד, וואָס זיי וועלן באַפאַלן, וועט זיין טאַקע פּוילן גופע, ביי וועלכער זיי ווילן אָפּנעמען דעם „קאָרידאָר“ לעבן דאַנציג . . . וואַרשע האָט זיך אָנגעהויבן צאַפּלען מיט אומרואיקייט . . .

* * * * *

**איידער די נאַצים** האָבן זיך נאָך אַריינגעריסן אין וואַרשע, האָבן שוין די אידן פון שטאָט געוואוסט וואָס עס דערוואַרט זיי, אויב עס זאָל כאָלילע די נאַצים טאַקע געלינגען צו פאַרנעמען די שטאָט. יעדיעס

וועגן זייערע מערדערייען פון אידן האָט מען געהערט נאָך פון ווייטן, פון סאַמע אָנהויב אָן, ווען זיי האָבן זיך באַפעסטיקט אין דער פאַרכאַפּטער מאַכט אין דייטשלאַנד גופע, און ספּעציעל נאָך זייער אַריינרייסן זיך אין עסטרייך און טשעכאָסלאָוואַקיע . . .

דער אומרו איז דערגאַנגען אַזוי ווייט, אַז ווער עס האָט נאָר געקאָנט, — אַרשטייט זיך, די פאַרמעגלעכע אידן — האָבן באַצייטנס אויספאַרקויפט ייערע געשעפטן, פאַרנומען ווייב און קינד און אַנטלאָפן אַף אייגענע, אָדער געדונגענע אויטאָמאָבילן. אַנדערע, די שפּעטערדיקע, האָבן שוין אַפילע איבערגעלאָזט די געשעפטן אַף הפקר, אָדער „אויסגעליען“ זיי צו קריסט־לעכע שכנים. מען האָט געכאַפּט אַביסל קליידער און מען איז געלאָפן אַף דראָזשקעס, פּלאַטפאָרמעס און דראָנג־וועגענער, אָדער גאָר האַנט־וועגעלעך, וואו די אויגן האָבן געטראָגן. מען איז געלאָפן ווי פון אַ וואולקאַן־אויסברוך, אָפט אָן אַ פּלאַן און אָן אַ ציל, נאָר בלויז מיט דעם אייביק־אידישן ביטאָכן:

— גאָט וועט אים־אירצע־האַשעם ראַכמאָנעס האָבן און העלפן! . . .

דאָס ראָוו, אָבער, די אידישע מאַסן פון שטאָט — אין גרעסטן טייל אַר־בעטער באַ יענעם, אָדער באַלמעלאָכעס, וועלכע האָבן קיין באַרע געלט ניט געהאַט און קוים זיך דורכגעלעבט פון האַנט צו מויל — זענען געבליבן אין שטאָט. און ווען זיי וואָלטן אַפילע יאָ באַוויזן צונויפצוקראַצן עטלעכע זלאָטעס און אַנטלאָפן, וואָלט עס זיי אויך ווייט ניט אָוועקגעפירט און זיי וואָלטן זיכער געבליבן שטעקן ערגעץ אין אַ דערבייאיק שטעטל, אָדער דערפל, וואָס איז שוין געווען ווי אָפּגעשניטן פון די אָניאָגנדיקע נאַצישע כאַיאָלעס. אָבער די אידישע מאַסן זענען שוין סיי ווי סיי געווען ווי פאַראַליזירט פון שרעק. די וואָכן פון אַרומרינגלונג, פון דעם אָנגעשטרענגטן, נערווירנדיקן וואַרטן און האָפן אַף אַ נעס — האָט אַלעמען מאַמעש אויסגעשעפּט פון די קויכעס און ביי דאָס ראָוו פון די איינוואוינער געשאַפן אַ געפיל פון אָפּהענטיקייט:

— וואָס קאָן שוין זיין ערגער? . . . וואָסער צום טרינקען וועלן זיי דאָך געבן . . . ברויט וועט דאָך זיין . . . באָמבעס וועלן זיי דאָך אויפהערן וואַרפן . . .

אָבער מיט ליידיקע הענט איז מען דאָך ניט געבליבן זיצן, בעאייס די באָמבעס האָבן אָנגעהויבן האָגלען איבער דער שטאָט. די אידן, די זעלביקע, וואָס האָבן פריער אין זייער אייגן לאַנד פוילן געהאַט אויסצושטיין אַלערליי מיעסע באַליידיקונגען, אַנטיסעמיטישע אויסברוכן און כוליגאַנסטוועס; אידן, וועלכע האָבן ניט געטאָרט דינען, אָדער אַרבעטן אין אַ רעגירונג־פאַבריק, האָבן אין דער אייס־צאָרע זיך אַרויסגעלאָזט העלפן זייער לאַנד מיט אַלע זייערע קויכעס . . .

אויך אַוורעמל האָט גענומען אַ רידל און איז אַוועק צו גראָבן אָקאָפּעס. מאַלקעלע — אַ מעאובערעסע, שוין אין די הויכע כאָדאָשים — האָט געטראָגן

וואַסער, געקאָכט שפּייז פאַר די פאַרטיידיקער, אָדער באַנדאַזשירט פאַרוואונ־
דעטע. יענע, וואָס האָבן ניט געאַרבעט פאַר דער פאַרטיידיקונג, האָבן געהאָלפן
מעקאַבער זיין די אומגעקומענע פון די באָמבעס, אָדער אָפּגערייניקט די ציגל
פון די איינגעפאַלענע הייזער אַף די גאַסן־דורכגאַנגען . . .

און אַז מען האָט ביים סאָף פון דער דריטער וואָך דערהערט די יעדיע,
וואָס איז, ווי אַן עלעקטרישער שטראָם, דורכגעלאָפן פון מויל צו מויל, אַז
וואַרשע האָט קאַפּיטולירט און אַז מען דערוואַרט יעדע מינוט די נאַציס זאָלן —
ווי זיגער — אַריינמאַרשירן אין שטאָט אַריין, איז ווי אַ דונער וואָלט אַלעמען
געטראָפן. מען האָט געריסן די האָר פון זיך און געוויינט. דער טרויער איז
געהאַנגען איבער וואַרשע ווי אַן אָנגעלאָדענער וואָלקן פאַר אַ שטורעם . . .

די אידן פון שטאָט — יונג און אַלט, מאַן און פרוי — זענען אַוועק אין
זייערע האַלב־כאָרעווע היימען, האָבן זיך באַהאַלטן הינטער פאַרשלאָסענע טירן
און פאַרהאַנגענע פענצטער, און אויסגעוויינט זייערע צעשראָקענע ביטערע
הערצער ווי נאָך אַ נאָר־וואָס אַליין־איבערגעלעבטן כורבן־יערושאָלאַים . . .

ווי אַלע אידישע קרעמער און באַלמעלאָכעס, אַזוי האָט אויך אַווערעמל גלייך
פאַרמאַכט די הילצערנע דרויסן־טירן פון זיין קרעמל און איז — צוזאַמען מיט
מאַלקעלען — געזעסן אין דער פינצטער, היטנדיק זיך ניט צו מאַכן דעם
מינדסטן גערויש, וואָס זאָל אַרויסגעבן, אַז אינעווייניק זענען פאַראַן מענטשן.

אין עטלעכע טעג אַרום האָבן זיך אָנגעהויבן די נאַצישע גזיירעס. אָט —
אַ באַפעל, אַז יעדער איד מוז טראָגן אַ געלע לאַטע מיט אַ מאָגן־דאָוויד דערויף.
אָט — אַז אידן טאָרן זיך ניט באַווייזן אַף דער גאַס נאָך אַ באַשטימטער שאָ.
באַלד — אַן איינשטעל, אַז אידן דאַרפן קויפן אין די קראָמען בלויז אין
באַשטימטע עטלעכע שאָ פון טאָג, און דאָס ערשט נאָכדעם ווי די קריסטלעכע
איינוואוינער האָבן שוין איינגעקויפט און פאַר אידן איז שוין קימאַט גאָרניט
געבליבן. אין דער אידישער געגנט האָט אָנגעהויבן שטיקן אַ הונגער . . .

טעגלעך האָבן די נאַציס אַרויסגעטריבן אידן אַף שווערער אַרבעט און זיי
האָבן זיך דערביי ניט גערעכנט, צי יענער איז קראַנק, אָדער גאָר אַ קאַליקע.
דאַווקע אין שאַבאָסים, אָדער אין אידישע יאָמטויווים, האָבן זיי געצוואונגען
פרומע אידן און אַפילו ראַבאָנים, צו גראָבן גריבער, אָדער צו פאַרשיטן די
פריערדיקע אָקאָפּעס. די נאַצישע סאָלדאַטן האָבן זיך באַנומען ברוטאַל צו די
אידן. יעדער איינער פון זיי האָט געשלאָגן, אָדער אַפילו דערהאַרגעט אַ אידן
ווען עס איז אים נאָר אַזוי איינגעפאַלן. דאָס אידישע לעבן איז געוואָרן מאַמעש
העפקער. ניט איינמאָל האָט אַ דייטשישער סאָלדאַט, אָנטרעפנדיק אַ אידן
אַף דער גאַס, אים באַפוילן אויסצוטאָן דעם מאַנטל, אָדער די הויזן, און עס
צוגענומען, לאָזנדיק דעם באַרויבטן אַ האַלב־נאַקעטן אַף דער גאַס. זיי זענען
באַפאַלן די אידישע הייזער, האָבן פאַרנומען אידישע מיידלעך און זיי אַוועקגע־

געשיקט ערגעץ, אַז מען האָט אַפילו ניט געוואוסט צי זיי לעבן, אָדער ניט. מען האָט צוגענומען קאָלעס פון זייערע כאַסאַנים, יונג־פּרויען פון זייערע מענער, אויב זיי זענען נאָר געפעלן געוואָרן אַ נאַצישן סאָלדאַט. די הויט ביי יעדן אידן האָט מאַמעש געציטערט פון שרעק איבערן גוירל פון זיינע אייגענע און ליבע . . .

אַ פּאָר וואָכן שפּעטער האָט די נאַצי־מאַכט אָנגעהויבן איינשטעלן די געטאָ. מען האָט אַרויסגעטריבן מאַסן אידן און זיי געשטעלט בויען אַ ציגל־וואַנט אַרום דער אידישער געגנט, פון וועלכער עס איז זיי פאַרבאָטן געוואָרן אַרויסצוגיין. די אידן האָבן זיך מאַמעש באַגאָסן מיט טרערן:

— נאָך ערגער ווי ביי פאַרעו, — האָבן זיי געקלאָגט צווישן זיך. — דאָרט האָט מען געצוואונגען צו בויען פּיסעם ווערעמסעס — פּאַלאַצן פאַר פאַרעו. דאָ, אָבער, — אַ טפיסע, אין וועלכער מען וועט אַליין מוזן זיצן פאַרשפאַרט! . . .

אין אָט די דאָזיקע שווערע טעג, און אַביסל פאַר דער צייט, האָט מאַלקעלע אין מיטן נאַכט באַקומען ווייען. אַוורעמל איז אַרומגעלאָפן ווי אַ צעדולטער. קיין דאָקטאָר איז ניט געווען צום קריגן, און די הייבאַם — אַן עלטערע אידענע — האָט מוירע געהאַט צו גיין ביינאַכט אָפּצונעמען דאָס קינד. ערשט שפּעטער, שוין פאַרטאָג צו, האָט אַ שכיינישער שערער־פעלדשער אָפּגענומען דאָס קינד און ענדלעך אָנגעזאָגט אַוורעמלען:

— מאַזל־טאָוו — אַ מיידל! . . . זאָל שוין גאָט העלפן און אין איר זכוס מאַכן אַ סאָף צו אונדזער פּיין! . . .

און מאָדנע: ניט געקוקט אָף דער אַלגעמיינער דערשלאָגנקייט און כאָטש ביי אַוורעמלען אין שטוב איז ניט געווען פון דער מינדסטער זאַך ניט פאַר דער קינפּעטאָרן און ניט פאַרן קינד, — האָט אָבער דאָס געבורט פונעם קינד אַריינגעטראָגן אין זייערע ביידנס לעבנס אַ נייע האָפנונג און אויפלעבונג. שכיינים האָבן פון זייער אייגענער אָרעמער שפּייז אָפּגעשפּאָרט וואָס זיי האָבן נאָר געקאָנט און דערמיט ווי ניט איז אויפגעהאַלטן מאַלקעלען מיטן קינד . . .

באַלד נאָכדעם האָט די נאַצי־מאַכט אַרויסגעגעבן אַ באַפעל, אַז אַלע אידישע באַלמעלאָכעס — ספּעציעל שוסטערס און שניידערס — זאָלן זיך טייקעף מעלדן אין דער ניי־איינגעשטעלטער אַרבעט־ביוראָ פון דער געטאָ, קעדיי צו באַקומען אַרבעט. אַוורעמל — כאָטש עס איז אים געווען דערווידער צו גיין אַרבעטן פאַר די נאַצים, ווייל ער האָט באַגריפן, אַז מיט דעם וועט ער זיי העלפן אָנגיין מיט זייער פאַרטיליקונג פונעם אידישן פאָלק, פון דער גאַנצער וועלט, — האָט ער אָבער אין דעם אויך געזען אַ האָפנונג צו קאָנען מעפאַרנעס זיין מאַלקעלען מיטן קינד. אַ כוץ דעם האָט ער דאָך סיי ווי סיי קיין אַנדער ברייִרע ניט געהאַט און ער איז דעריבער אַוועק, ווי באַפוילן, זיך צו מעלדן. דאָרט האָט מען אים באַטראַכט, פאַרשריבן, פאָטאָגראַפירט און

ערשט דערנאָך אָפּגעשטעמפּלט אַף זיין אָרעם אַ גרויסן פיאָלעטעווען שטעמפּל, פאַר וועלכן ער אַליין האָט, אַגעוו, טאַקע געדאַרפט באַצאָלן עטלעכע מאַרק, און באַקומען אַן אָנזאָג זיך צו מעלדן דעם צווייטן טאָג אַפן דערבייאיקן מאַרק־פּלאַץ, קעדיי פון דאָרט גענומען צו ווערן צו דער אַרבעט . . .

* * * * *

פון סאַמע ערשטן טאָג, וואָס אַוורעמל האָט זיך געהאַט געמאָלדן צו דער אַרבעט, האָט ער גלייך דערפילט און דערזען, אַז ביט קיין אַרבעטער איז ער, נאָר אַ פּאָשעטער שקלאַף. שוין אין ערשטן טראָט, אָנהויבנדיק פון דעם מאַרק־פּלאַץ, וואו ער און נאָך אַ צאָל אידישע אַרבעטער האָבן זיך געהאַט פאַרזאַמלט, האָבן די נאַציס עס קלאָר געגעבן צו פילן. דאָרט האָט מען זיי אַלע איבערגעציילט, אויסגעשטעלט אין רייען צו פיר און, ווי אַרעסטאַנטן, אונטער אַ באַוואָפנטער וואַך, זיי אַוועקגעפירט אין פאַבריק אַריין. שפּעט אין אָוונט, נאָך דער אַרבעט, נאָכדעם ווי מען האָט אַלעמען באַזוכט ביז צום לייב, האָט מען ווידער זיי אויסגעשטעלט און ווידער אונטער אַ נאַצי־וואַך זיי צוריקגעפירט צום זאַמל־פּלאַץ, פונוואַנען זיי זענען, מידע און צעבראָכענע, אַוועק יעדער צו זיך אַהיים . . .

דאָס איינציקע שטיקל פאַרגיטיקונג דערפאַר האָט אַוורעמל געהאַט אין דעם, וואָס איצט וועט ער שוין ניט דאַרפן זיין באַזאָרגט וועגן מאַלקעלען. געהערט האָט ער, אַז קאָל־זמאַן ער וועט אַרבעטן אין דער נאַצי־פאַבריק, וועלן זיי ניט טשעפּען זיין פרוי; אַז מען וועט זי ניט פאַרנעמען און אַוועקשיקן אין אַ קאָנצענטראַציע־לאַגער אַריין, אָדער אַזוי זי פאַרשלעפּן ערגעץ, אַזוי ווי זיי האָבן דאָס געטאָן מיט די פרויען פון „אומפּראָדוקטיווע" אידן . . .

האָט ער געמאַכט אַ פריילעכע מינע און זיך ניט באַקלאָגט. ער האָט אַפילע ניט דערציילט מאַלקעלען וועגן דער פּיין און די באַליידיקונגען, וואָס ער איז אויסגעשטאַנען אין דער פאַבריק. ער פלעגט בלויז ביטער איראָניזירן:

— זע נאָר, מאַלקעלע, פריער, אין מיין אייגענעם פוילן, וואו איך בין געבוירן און דערצויגן געוואָרן, האָב איך ניט געטאָרט אַרבעטן אין אָט דער פאַבריק. איצט, אָבער, ביי די נאַציס, ווער איך נאָך געצוואונגען דערצו! . . .

די אַרבעט אין פאַבריק איז געווען אַ שווערע און אויסמאַטערנדיקע. די נאַצישע אויפזעער, אַף יעדן טריט און שריט, האָבן געקוקט אין די הענט אַריין, אַז עס איז פאַר די אַרבעטער געווען אומעגלעך אויסצורעדן אַ וואָרט איינער צום צווייטן. פאַר דער קלענצטער זאַך, וואָס איז ניט געפעלן דעם אויפזעער, אָדער ווען עס האָט זיך יענעם אויסגעדאַכט, אַז עמעצער אַרבעט ניט אַזוי פלינק ווי ער וואָלט געדאַרפט, האָט מען געשלאָגן מיט אַ גומענער קישקע

איבער די קעפּ און רוקנס, אָדער מיט אַ שטאָלענער שטאָבע געקלאַפּט איבער די פינגער, וואָס זיי האָבן איינגעקלעמט אין אַן אייזערנעם רינג. יעדן טאָג, עפּעס נאָר ווי די מעשוגאָאים, האָבן זיי דערפונדן נייע מיטלען ווי צום פּייניקן. זיי פלעגן אָפּט אינמיסטן אונטערפירן אַן אַרבעטער צו טאָן עפּעס אַזעלכעס, פאַר וואָס זיי האָבן אים דערנאָך באַשטראָפט. אַווּרעמלען איז דעמלט געקומען אָפּן געדאַנק די מאַיסע וועגן יענעם מעשוגענעם אינעם דול־הויז אַף דער באַניפראַטן־גאַס, וואָס האָט איינמאָל צוגערופן צו זיין געגראַטעטן פענצטער אַ פאַרבייגייער, זיך באַקלאָגט פאַר אים אַף אַ גרויסן צאָן־ווייטיק און אים געבעטן ער זאָל אָנרירן דעם צאָן. און ווען יענער — אין נאַאיווקייט — האָט דאָס געטאָן, האָט דער מעשוגענער אַ פאַרהאַק געטאָן דאָס מויל און . . .

די אַרבעטער האָבן זיך געפּרואווט קלאָגן צום פאַרוואַלטער, אָבער יענער האָט זיך ציניש אויסגעלאַכט פון זיי און די אויפזעער האָבן זיך ערשט נאָך ווילדער אָפּגערעכנט. די אַרבעטער, ווידער, וואָס האָבן פריער געליטן, אָבער דאָך געטאָן די אַרבעט ווי געהעריק, האָבן שוין מער ניט געקאָנט איבערטראָגן און עס האָבן זיך אָנגעהויבן באַווייזן פאַלן פון קאַליע־געוואָרענע שטיוול. עס איז ניט דורך דער טאָג, אַז עס זאָלן ניט געפונען ווערן שטיוול מיט צעפּלאַצטע פּשיסוועס, אָדער צעשניטענע זוילן, וואָס זענען בראַקירט געוואָרן . . .

דער פאַרוואַלטער, דער שטורעם־קאַפּיטאַן עריק,— אַ גאַיווערדיק אָפּיצירל מיט אַן אָנגעבלאָזענעם מאַפּסן־פּנים — האָט שוין געלאָזט וויסן וועגן דעם. ער איז מיט האַסט אַריין אין פאַבריק, קלאַפּנדיק מיט אַ שפּיץ־רוט איבערן שטיוול:

— קרייץ דאָנער וועטער! — האָט ער געשריגן. — דאָס וועט מוסן אופּ־הערן! איך וועל קיין סאַבאָטאַזש ניט דערלאָזן אין מיין פאַבריק! איך וועל פאַר יעדן צעשטערטן שטיוול דערשיסן אַ יודישן הונד! . . . הויטע זינד צע־שניטן געוואָרן פינף פאָר שטיוול, ועלן צען יודישע שווייַנען מיט די לעבנס באַצאָלן דערפאַר!

גלייך האָט מען אַלע אַרבעטער פון פאַבריק אויסגעשטעלט אַפן הויף און ער, דער פאַרוואַלטער, אַ פרייכנדיקער, האָט מיט זיין שפּיץ־רוט אָפּגעציילט צען אַרבעטער אין דער ריי, וועלכע מען האָט טאַקע גלייך אַפן פּלאַץ דערשאָסן.

איינמאָל אין אַזאַ פאַל, ווען דער קאַפּיטאַן האָט מיטן שפּיץ־רוט גענומען אויסטיילן די וואָס זאָלן דערשאָסן ווערן, און עס האָט אויסגעזען, אַז זיין האַנט האָט זיך אַ ציי געטאָן אין אַווּרעמלס ריכטונג, האָט עפּעס פּאַסירט. ער האָט גראָד דעמלט אַ הוסט געטאָן און זיין האַנט האָט זיך איבער דעם אָפּגעווענדט אַף אַ צווייטן אַרבעטער וואָס לעבן אַווּרעמלען. באַלד האָבן די שטורעם־טרופּערס אַרויסגענומען די באַצייכנטע אַרבעטער, זיי דערשאָסן אַפן פּלאַץ, אַרויפגעוואָרפן די קערפּערס אַף אַ וואָגן און זיי אַוועקגעפירט ערגעץ, אַז זייערע פאַמיליעס האָבן אַפילע ניט געוואוסט וואו זיי זענען אַהינגעקומען . . .

אַוורעמלס לעבן איז געווען ווי אַף באַרג. יעדן טאָג וואָס ער איז אַוועק אַרבעטן, האָט ער געטראַכט, אַז היינט וועט ער זיך שוין אַוואַדע ניט אומקערן. און כאָטש ער האָט גאָרניט דערציילט מאַלקעלען, קעדיי זי ניט מעצאַאַר צו זיין, האָט זי אָבער דאָך באַמערקט, אַז עפּעס קומט פאָר מיט אים. זי האָט דאָס קלאָר געזען אין זיין נערווירן, אין זיין אָפטן פאַרטראַכטן זיך אינמיטן עסן, אין זיין וויינען פון שלאָף און אין זיין איינגיין פון טאָג צו טאָג . . .

ספּעציעל אין יענע טעג, ווען אין פאַבריק איז „עפּעס" געשען, איז אַוורעמל אַהיימגעקומען אַ קראַנקער. ניט ער האָט געקאָנט עסן און ניט ער האָט געקאָנט שלאָפן. דער געדאַנק, אַז היינט האָט עס פּונקט אַזוי געקאָנט זיין ער,—האָט אים ניט געלאָזט רוען. אָפטמאָל האָט ער זיך אַפילו גענומען פייניקן מיט טראַכטונגען, צי עס לוינט זיך ביכלאַל דער אייסעק פון באַצאָלן מיט אַ לעבן פאַר אַ שטיוול . . . ער האָט זיך אָבער באַלד געכאַפּט, אַז די נאַציס, וואָס האָבן זיך פאַרנומען אויסצוראָטן דאָס אידישע פאָלק, וועלן שוין סיי ווי סיי געפינען אַנדערע סיבעס צו דערשיסן — יאָ קאַליע־געמאַכטע שטיוול, אָדער ניט . . .

אָבער אויסער די אָפענע מאָרדן און די גייסטיקע פייניקונגען, וואָס דאָס האָט אַרויסגערופן ביי די לעבעדיקע, האָבן די נאַציס זיך אויך גענומען צום באַשטראָפן די אידישע אַרבעטער מיט געלט־שטראָפן, וואָס זענען אַרונטערגענומען געוואָרן פון די סכירעס. אָפטמאָל, ביים סאָף וואָך, האָט אַוורעמל זיך געכאַפּט, אַז ער האָט קימאַט ניט וואָס אַהיימצוברענגען מאַלקעלען אַף פאַרנאָסע. די שפּייז־פּאָרציעס, וואָס ער — ווי אַלע אַרבעטער — פלעגט באַקומען אין דער פאַבריק פאַר דער פאַמיליע, איז קוים גענוג געווען פאַר איינעם און ניט פאַר דרייען. האָט אַוורעמל זיך דעריבער גאַנץ אָפט אָפּגעזאָגט פון אַן איבעריקן ביסן, אַבי מאַלקעלע מיטן קינד זאָלן ניט אויסגיין פון הונגער . . .

און קעדיי ווי ניט איז אַרויסצוהעלפן זיך אין די קליינע פאַרדינסטן, האָט אַוורעמל ביז אין די האַלבע נעכט און אין די פרייע זונטיקס, געלאַטעט און פאַראַכטן שיך, וואָס מאַלקעלע האָט דורך די טעג אָנגענומען, און אַזויאַרום פאַרדינט נאָך אַ זלאָטע־צוויי. אין יענע טעג, ווידער, ווען ער האָט די אַרבעט אויך ניט געהאַט, האָט ער — ווי זיין שטייגער — געמאַכט „שטאָל"־דראַטוועס, אין האָפנונג, אַז טאָמער וועט אַ שוסטער פון געגנט דאַרפן האָבן אַ צוויי־דריי פעדים און געבן צו לייזן עטלעכע גראָשן . . .

אויב אַוורעמל און מאַלקעלע זענען אין די עטלעכע שווערע יאָרן ניט פאַרצווייפלט געוואָרן און זיך ניט אונטערגעגעבן די אַלגעמיינע מאַגייפע פון באַגיין זעלבסטמאָרד, איז עס געווען צו פאַרדאַנקען צוויי זאַכן: ערשטנס — זייער טעכטערל ציפּעלע, צוליב וועלכער זיי האָבן געמוזט לעבן; צווייטנס — צוליב די טרייסט־ווערטער פון זייער פריינט „סלעימקע סטיפטל", וועלכער האָט אַמאָל געאַרבעט צוזאַמען מיט אַוורעמלען. יענער — וועלכער איז גלייך

ביים אָנקומען פון די נאַציס אַנטלאָפן פון שטאָט און זיך אָנגעשלאָסן אין די פּאַרטיזאַנען, וואָס האָבן זיך געפונען אין אַ וואַלד הינטער וואַרשע, — פלעגט אָפט קומען ביגנייווע אין שטאָט אַריין צו באַזאָרגן געוויסע זאַכן און דערביי זיך טאַקע אַריינכאַפּן צו זיי. באַ זיי האָט ער טאָמיד געפונען אַ פּלאַץ אַף איבערצונעכטיקן. ער, „סלעימקע סטיפּטל״, פלעגט זיי אַלעמאָל טרייסטן און דערמוטיקן, כאָטש ער האָט זיי אָפט צוגערעדט, אַז אויך זיי זאָלן זיך פאַרנעמען אין וואַלד אַריין:

— וואָס וועט איר דאָ אויסזיצן און וואַרטן ביז די נאַציס וועלן אייך דעם טויט מאַכן? — האָט ער געטאַינעט, — צו וואָס ליגן דאָ פאַרסקלאָפּט און ליידן פון די מענטשן־פרעסער?... קומט בעסער אין וואַלד אַריין, צו די פּאַרטיזאַנעס. דאָרט וועט איר דאָך כאָטש קאָנען העלפן גיכער צו ברענגען זייער מאַפּאָלע!...

האָבן אַוורעמל און מאַלקעלע געהערט די אייצע און טרויעריק געשוויגן. ער, אַוורעמל, האָט אַפילע יאָ כיישעק געהאַט דאָס צו טאָן, אָבער מאַלקעלע — כאָטש זי אַליין וואָלט אויך געגאַנגען מיט פרייד אַהינצו — האָט אָנגעוויזן:

— ס׳קינד, ציפּעלע... מען קאָן עס דאָך ניט שלעפּן אין אַ וואַלד אַריין... עס איז דאָך אַזוי יונג, אַזוי צאַרט, און וועט דאָרט ניט איבערלעבן...

זיי האָבן זיך טאַקע שטאַרק געפרייט איבער די וואונדערלעכע מאַיסעס, וואָס „סלעימקע סטיפּטל״ האָט דערציילט וועגן דעם ווי די פּאַרטיזאַנען צע־רעכענען זיך מיט די נאַצישע באַנדיטן, אָבער אַליין זענען זיי געבליבן אין דער געטאָ און געליטן צוזאַמען מיט אַלע אַנדערע אידן. אַוורעמל האָט געזאָגט:

— וואָס ס׳וועט זיין מיט קאָל־איסראָעל, וועט זיין מיט רעב איסראָעל!...

„סלעימקע סטיפּטל״ האָט אָבער אַלץ ניט אָפּגעלאָזט:

— פונדעסטוועגן, — האָט ער געזאָגט, — אויב איר וועט זיך וועלן עס איז מעיאַסעוו זיין, אָדער... כ׳וויס... אויב, כאַלילע, איר וועט זיין אין אַ צאַרע און וועט פאָרט מוזן אָפּציען, זאָלט איר יעמלט צוגיין צו דעם כאַוואַר „אַלעק״. ער איז איינער פון אונדזעריקע און ער וועט סוים העלפן...

ער האָט אַוורעמלען פאַרטרויט וואו צו געפינען „אַלעקן״ און צוגעגעבן:

— איר זאָלט זיך גאָרניסט־ניט סרעקן. ווען איר וועט דאַרפן, וועט ער אייך סוים איבערנעמען און זען, אַז איר זאָלט בעסאָלעם צוגעסטעלט ווערן וואו מען דאַרף. איר קאָנט זיך פאַרלאָזן אַף אים!...

אַזוי, אין פיינלעכע ליידן, האָבן זיך דורכגעשלעפּט אַ פּאָר יאָר...

* * * * *

**שטיל איז געווען** אַף דער שמאָלע־מילע גאַס אין דעם פריען האַרבסט־טאָג. דאָס דאָזיקע געסל — ווי אַלע אַנדערע אידישע

גאַסן און געסלעך אין דער וואַרשעווער געטאָ — וואָס פלעגט געוויינטלעך זיין באַלעבט נאָר ווי אַ בינשטאָק, האָט אויסגעזען ווי אָפּגעשטאָרבן. טיר און טויער פון די אידישע הייזער און קראָמען — פאַרמאַכט. די פענצטער פון די אויבערשטע שטאָקן — אָן פאָרהענגלעך, עפּעס נאָר ווי ליידיקע בלינדע לעכער. דאָס האָבן די אידישע איינוואוינער בעקיוון געטאָן אַזוי, קעדיי ניט אויפצורייסן די אויגן פון די פאַרבייגייענדיקע נאַצישע פּאַטרולן, אָדער געשטאַפּאָ־אַגענטן, וועלכע פלעגן גיין איבער די אידישע גאַסן און געסלעך צו זוכן קאָרבאָנעס, טאָמער וועלן זיי קאָנען כאַפּן אַ איד, וואָס האָט ניט קיין קלאַסיפיקאַציע־פּאַפּירן, אַז ער איז אַ „פּראָדוקטיווער“, אָדער אַזאַ, וואָס האָט אינגאַנצן ניט געהאַט ביי זיך קיין אַרבעט־שיין, צו באַווייזן אַז ער טוט ניצלעכע אַרבעט פאַר די דייטשן, קעדיי אים צו פאַרנעמען און פאַרשיקן אַף צוואַנג־אַרבעט אין אַ קאָנצענטראַציע־לאַגער . . .

די קינדער פון דער געטאָ, וועלכע האָבן שוין ווי פאַרגעסן, אָדער זענען נאָך צו יונג געווען צו וויסן, וואָס עס הייסט צו שפּילן זיך צוזאַמען מיט נאָך אַנדערע קינדער אַף דער גאַס, — זענען געבליבן באַהאַלטן אין זייערע שטיבער, קימאַט ווי צוגעבונדן צו זייערע מאַמעס. שוין פון זייער פריער יוגנט אָן האָבן זיי אַרויפגעצויגן אַף זיך דעם אַלגעמיינעם אידישן פּיין פון געטאָ־לעבן, — אַ לעבן אַ געיאָגטס, ווי פון פאַרשיוועבלודנע הינט אָדער קעץ. און כאָטש זיי זענען נאָך צו יונג געווען מען זאָל זיי קאָנען דערקלערן, אַז אַ אידיש קינד מוז זיין שטיל ווי די נאַכט און ניט לאָזן הערן קיין דוך פון זיך, — האָבן זיי, אָבער, די אידישע קינדערלעך, ווי דורכן אינסטינקט פאַרשטאַנען, אַז עפּעס גרויליקס קומט פאַר אַרום זיי און אַז זיי דאַרפן דעריבער ליגן באַהאַלטן ווי זייערע עלטערע שוועסטער און ברידער, און אַפּילע ניט וויינען ווען זיי זענען הונגעריק, אָדער ווען עס האָט זיי עפּעס וויי געטאָן . . .

אין אָט אַזאַ שטילן, פאַכעד־פולן זונטיק־טאָג אין פריען האַרבסט, האָט זיך פּלוצים אין אָורעמלס צוגעמאַכטער טיר דערהערט אַ געקלאַפּ פון דרויסן. אָורעמל — וועלכער איז געזעסן ביים וואַרשטאַט און האָט ביי דער שייך פון אַ קעראָסין־לעמפּל געלאַטעט אַ שוך — האָט אַזש אַ ציטער געטאָן. דערקענט האָט ער, אַז דאָס איז ניט קיין קלאַפּן פון אַ אידישן שאָכן, וואָס וויל עפּשער געבן אַ פּאָר שיך צו פאַריכטן. יענע קלעפּ, האָט ער געוואוסט, זענען דאָך אַזוי שטיל, אַזוי געלאַסן, אַקוראַט ווי דער אָנקלאַפּער וואָלט מוירע געהאַט זיך אַליין איבערצושרעקן. דאָס איצטיקע קלאַפּן, אָבער, איז געווען אַ הילכיקס, אַ שאַרפס און אַ כוצפּעדיקס, וואָס איז געפאַלן געדיכט איינס נאָכן אַנדערן.

אָורעמל האָט זיך איינגעהערט אַ ווייל און געפּרוווט טרעפן ווער דאָס קאָן זיין. אָבער גלייך האָט זיך פון דרויסן דערהערט אַן אויסרוף:

— העי, שוסטער, עפן אויף! איך האָב געבראַכט אַרבעט פאַר דיר!...

לויט דער שטימע דאָרט האָט שוין אַוורעמל איצט דערקענט, אַז דאָס איז אַ דייטש. ער האָט זיך געקווענקלט אַ ווייל, געוואָלט אַ פּאַרלעש טאָן דאָס לעמפּל, בלייבן זיצן אין דער פינצטער און שווייגן. זאָל יענער אינדרויסן מיינען, אַז קיינער איז אין שטוב ניטאָ. יענער האָט אָבער אַלץ געקלאַפּט און אַלץ געשריגן:

— עפן אויף, יודע, קיין שלעכטס! איך האבע דיר אַרבעט געבראַכט!...

אַוורעמל האָט נאָך אַלץ ניט געוואָלט עפענען. ער האָט שוין גאַנץ גוט געוואוסט די דייטשישע אָפּנאַרערישע קונצן, ווען זיי האָבן זיך געוואָלט אַריינכאַפּן אין אַ אידיש הויז. יענער איז אָבער געוואָרן בייז און גענומען דראָען:

— עפן אויף, פאַרפלוכטער יודע! וואָס לאַסטו מיך שטיין אין דראַוסן?... איך זע דאָך ליכט ביי דיר אינעווייניק. איך ווייס, אַז דו ביסט אין האַוז!...

אַוורעמל האָט שוין איצט געזען, אַז עס איז פאַרפאַלן און ער וועט מוזן עפענען, ווייל אַנדערש קאָן טאַקע כאַלילע געשען עפּעס שלעכטס פאַר ניט אויספאָלגן אַ דייטשישן באַפעל. ער האָט זיך אויפגעשטעלט, אַ וואונק געטאָן מאַלקעלען זי זאָל אַריין הינטער דער פאַרצאַמונג, געעפנט די גלאָז־טיר, אויפגעהויבן דעם אייזערנעם פּרענט, וואָס איז געווען פאַרוואָרפן אַף די הוקעס פון דער לאָדן־טיר, און געעפנט איין העלפט. גלייך האָט אים אין די אויגן אַריין אַ שפּאַר געטאָן אַ פאַס בלענדנדיקע ליכט פון גאַס און ער האָט איבער דעם אַפּילע ניט געקאָנט רעכט זען דאָס פּאָנים פון דעם דייטש. ער האָט בלויז געזען פאַר זיך אַ סאָלדאַט אין אַ דייטשישן מונדיר און מיט אַ קאַסקע אַפן קאָפּ.

און קעדיי ניט אַרויסצוואַוויזן יענעם, אַז ער איז דערשראָקן, האָט ער אַ גענעץ געטאָן, פּונקט ווי יענער וואָלט אים געווען איבערגעוועקט פון שלאָף:

— גוטן טאַג, מיין הער! — האָט ער מיט אַ באַצוואונגענעם שמייכל אַ זאָג געטאָן, — וואָס ווינטשן זי?... מיט וואָס קאָן איך אין דינען, מיין הער?...

יענער האָט זיך גלייך אַ רוק געטאָן טיפער אין שטוב אַריין, האָט אויפגעוויקלט אַ פּעקעלע, וואָס ער האָט געהאַט פאַרפּאַקט אין צייטונג־פּאַפּיר, אַרויסגענומען פון דעם אַ פּאַר באַגילדעטע דאַמען־באַל־שיכלעך מיט הויכע בלישטשענדיקע קנאַפּל, זיי אַרויפגעשטעלט אַף דער דלאָניע פון זיין לינקער האַנט, מיט די שפּיצן צו אַוורעמלען, און אַ זאָג געטאָן:

— איך וויל זאָלסט מיר מאַכן אַ פּאַר נייע זוילן אַף אָט די שיכלעך, יודע. איך וויל זאָלסט מאַכן אַ גוט שטיקל אַרבעט אַף זיי — ניט צום דערקענען, אַז זיי זענען שוין געווען גענוצטע . . . איך בראַוך זיי אַוועקשיקן אַלס געשאַנק צו מיין ליבכען, צו גערטרודען, נאָך האַמבורג. פאַרשטאַנען?!...

אַוורעמל האָט געכאַפּט אַ מאָמענטאַלן בליק אַף די עטוואָס־גענוצטע שיכלעך און עפּעס זענען זיי אים פאַרגעקומען באַקאַנט. יאָ, די דאָזיקע שיכלעך

האָט ער דאָך געהאַט געמאַכט אַ מאַטאַנע פאַר זאַשען, מאַלקעלעס כאַווערטע, ווי שאַדכאַנעס־געלט . . . אַפּאַנים, — האָט ער אַ טראַכט געטאַן, — אַז דער הונט האָט צוגערויבט די שיכלעך בעאייס מען האָט זי פאַרנומען און דערשאָסן צוזאַמען מיט אַנדערע באַאַמטע פון פראַפּאַריין פון די הויז־אַרבעטער . . .

אָבער לאַנג טראַכטן האָט אַווראַמל ניט געוואַגט. ער האָט געוואָלט וואָס גיכער שוין אַרויספּאַטערן דעם דייטש. ער האָט ווידער מעכאַניש אַ שמייכל געטאָן:

— עס טוט מיר לייד, מיין הער, אָבער . . . איך וועל די אַרבעט ניט קאָנען מאַכן. צום באַדויערן האָב איך ניט קיין לעדער פאַר נייע זוילן!...

און קעדיי יענער זאָל אים ניט כוישעד זיין, אַז ער וויל זיך דאָ בלויז אַרויסדרייען אַזוי, ווידער מיט אַ שמייכל צוגעגעבן:

— אָט, ווען זי וואָלטן ברויכן בלויז אַ פּאַר נייע בלעטלעך אַף די קנאַפּל, וואָלט איך נאָך פּילייכט געקאָנט געפינען אַ צוויי שטיקלעך לעדער דערפאַר. אָבער פאַר זוילן . . . הע, שוין אַ צייט לאַנג האָב איך פאַר די אויגן ניט געזען קיין פיצל נייעם לעדער . . . עס טוט מיר ווירקלעך לייד, מיין הער, אָבער . . .

— איך וועל דאָך דיר אָבער באַצאַלן וויפיל עס דאַרף קאָסטן, — האָט דער דייטש אַ זאָג געטאָן. — דאַרפסט זיך ניט שרעקן. איך וויל ניט אומזאָנסט. איך ווייס דו ביסט אַ גוטער שוסטער און וועסט קאָנען מאַכן זיי זאָלן אויסזען ווי נייַ . . . מיין ליבכען גערטרודע האָט עס די ווערט. יאָ, אין זאָלכע שיכלעך וועט זי אויסקוקן ווי אַ וואַרע פּרינצעסין . . . און אין דויטשלאַנד, קריייג דאָנער וועטער, קאַן מאַן זאָלכע שיכלעך יעצט ניט געפינען . . . נון, און אָפּשיקן זיי זאָ ווי זיי זענען יעצט, מיט געפלעקטע, געטראָטענע זוילן, זי זאָל דערקענען, אַז זיי זענען שוין גענוצטע, — פּאַסט מיר ניט. זי וועט טראַכטן, אַז איך בין גאָר אַ טויגעניכטס. זי שרייבט: אַלע מיינע פריינט האָבן געשיקט זאָלכע ווערטפולע זאַכן צו זייערע ליבכענס . . . דאַרף איך דאָך אויך מיטהאַלטן, ניכט וואַר? . . . בין איך אָבער, צום טויפל, איינגעשטעלט אַף דינסט אין דער געטאָ און קאַן היר קיין בעסערס ניט געפינען. נון, יודע, מאַך דאָך ניט קיין פוילע שטיק און . . .

— עס טוט מיר לייד, מיין הער, — האָט אַווראַמל איבערגעכאַזערט, — אויב זי וועלן צופרידן זיין מיט בלויז קנאַפּל־בלעטלעך, וועל איך זיי פאַר אין מיט פאַרגעניגן מאַכן. אָבער זוילן . . . .

דער סאָלדאַט האָט זיך פאַרזאָרגט אַ קראַץ געטאָן אונטער דער קאַסקע:

— אַך ניין. דאָס גייט דאָך ניכט. איך קאַן זיי זאָ ניכט שיקן גערוטודען...

— וואָרום פּרובירן זי ניט גיין צו אַן אַרישן שוסטער, איך מיין צו אַ קריסטלעכן, אויסער דער געטאָ? — האָט אַווראַמל מיט אַ לייכטן שטאָך אַ וואָרף צו געטאָן, — זיי דאָרט, די אַרישע שוסטערס, קריגן פון צייט צו צייט

לעדער־שטאָף פון דער דייטשישער מאַכט, פון דער שיך־ביוראָ, און איך בין זיכער, אַז זיי וועלן עס מאַכן פיל בעסער ווי איך, — אַ אידישער לאַטוטניק...

דער סאָלדאַט האָט אָן כיישעק גענומען גיין צו דער טיר און אַווּרעמל האָט שוין געוואָלט אָפּאָטעמען פון דערלייכטערונג. פּלוצים, אָבער, האָט דער נאַצי זיך אַ דריי אויס געטאָן, אָפּגעמאָסטן אַווּרעמלען פון אויבן ביז אַרונטער און — דערזעענדיק אין דעם ליכט־אָפּשיין אַווּרעמלס שטיוול — זיך גלייך צוריק אַ שפּאַר אַריין געטאָן אינעווייניק.

— העי, — האָט ער מיט פרייד פון אַ געבוירענעם איינפאַל ברייט אַ געשריי געטאָן, — דו טראָגסט דאָך, זע איך, גאַנץ פיינע שטיוול אַף זיך. נון, האָסטו דאָך זיכער נאָך גאַנץ גוטע זוילן אַף זיי אויך, ניכט וואָר? . . . און דאַן איז דאָך דאָס גאַנצע פּראָבלעם געלייזט . . . יאַ־יאַ, דו וועסט אַרונטערנעמען די זוילן פון דיינע שטיוול און זיי אַריבערפלאַנצן אַהער, אַף מיינע שיכלעך... עך, צום טויפל, דאָס איסט דאָך אָן אויסגעצייכנטער איינפאַל! יאַ, דיינע זוילן זענען דאָך דיקע, וועסטו קאָנען גענוג אַרונטערפיילן פון זיי און זיי אויסשלייפן, אַז זיי זאָלן אַרויסקומען ווי פולשטענדיק־נייער לעדער . . .

אַווּרעמל האָט געמיינט יענער שפּאַסט אַזוי און אַזש אַ לאַך געטאָן:

— כע־כע, דאָס איז ווירקלעך אַ פיינער שפּאַס, מיין הער, אַ פיינער . . .

— איך מיין עס גאַנץ ערנסט, — האָט דער סאָלדאַט זיך אָנגעבלאָזן. — יאַ. ציִ אַרונטער די שטיוול פון זיך, יודע, און גענומען זיך צו דער אַרבעט!...

— וואָס הייסט? — האָט אַווּרעמל גענומען שטאַמלען פון שרעק, — וואָס מיינט איר איך זאָל אַרונטערנעמען די זוילן? נון, און וואָס וועל איך טאָן?...

— וואָס קימערט מיך וואָס דו וועסט טאָן? — האָט דער סאָלדאַט טרוקן און פּאַראַכטנדיק געענטפערט. — אַ יודע קאָן אַרומגיין באָרוועס אויך. עס איז צו גוט פאַר אייך שטיוול צו טראָגן. נון, קאָם מאַל, יודע, שלעפּ אַרונטער דיינע שטיוול און נעם זיך אַרבעטן. איך וועל דאָ וואַרטן ביז וועסט פאַרטיק מאַכן די שיכלעך און דאַן . . .

אַווּרעמל האָט זיך גענומען דינגען מיטן סאָלדאַט. טכילעס האָט ער גאָר גענומען אַפּעלירן צו אים און געבעטן:

— זאָל דער הער סאָלדאַט ניט זיין איבעראיילט. זאָל ער אויסוואַרטן אַ טאָג־צוויי, פילייכט וועל איך איבער דער צייט באַווייזן ערגעץ צו קריגן אַ ניי שטיקל לעדער פאַר די דאַמען־שיך. פאַר דאַמען־שיך ברויך מאַן ניכט זאָ פיל לעדער־מאַטעריאַל ווי פאַר גרויסע מענער־שטיוול און עס וועט לייכטער זיין צו קריגן . . . צוויטענס, — ווען איך זאָל אַרונטערנעמען די זוילן פון מיינע שטיוול, וועלן זיי דאָך צעפאַלן ביז איך וועל געפינען אַנדערן לעדער פאַר זיי...

געזען, אַז דאָס העלפט ניט, און דער נאַצי באַשטייט אַף דאָס זייניקע, האָט אַווּרעמל זיך שוין גענומען שאַרפער אַנטקעגנשטעלן:

— זי דאַרפן וויסן, הער סאָלדאַט, אַז איך אַרבעט פאַר דער דויטשישער מאַכט. זי קאָנען מיך ניט צווינגען צו טאָן אַזאַ זאַך, ווייל איך וועל דאַן ניט קאָנען גיין צו דער אַרבעט און וועל מוזן דערקלערן די אורזאַך דערפון . . .

דער סאָלדאַט איז מיטאַמאָל געוואָרן מאָלע רעציכע. ער האָט אַ הויב אויף געטאָן אַ פויסט קעגן אַוורעמלען — גרייט אים צו דערלאַנגען:

— ניכט דראָען, פאַרפלוכטער יודע, — האָט ער אַזש געשיפּעט, — און שנעלער געמאַכט, קרייץ דאָנער וועטער! . . . איך האָבע קיין צייט צו דיר! . . . און פאַר דיין ווידערשפּרעכן מיר, וועל איך דיך באַזונדער אָנלערנען! . . . נון, אַרונטער מיט די שטיוול, דו שוויין־הונט! . . .

אַוורעמל האָט געשוויגן, קוקנדיק מיט בלאַנקע אויגן אַף יענעם.

— ווערסט ניט? — האָט דער נאַצי געשטורעמט, — וועל איך דיך לערנען ווי צו ווידערשפּרעכן דעם פאַרלאַנג און באַפעל פון אַ רייכס־סאָלדאַט. איך וועל די צונג ביי דיר אַרויסרייסן און ווערסט פון איר מוזן מאַכן זוילן פאַר די שיכלעך פון מיין ליבכען! . . . אַלזאָ, פאַרפלוכטער יודע?! . . .

אַוורעמל האָט זיך אַוועקגעזעצט אַפן דריי־פוסיקן שוסטער־בענקעלע, זיך גענומען אַרונטערציען זיינס אַ שטיוול און דערביי שטעכיק צוגעוואָרפן:

— דענקען זי ניט צומאָל, מיין הער, אַז די לעדער פון אַ שמוציקן יודעס שטיוול קאָן נאָך אַמאָל פאַרפעסטן דער ליבלעכער געטרודען? . . .

דער נאַצי־סאָלדאַט איז אַ שפּרונג צו געטאָן צו אים:

— וואָש אויס דיין שמוציקעס מויל, דו געמיינער יודן־שוויין, איידער דו ווילסט אויסשפּרעכן דעם נאָמען פון מיין ליבסטער, דו! . . .

ער האָט אַ כאַפּ געטאָן דאָס שטענדערל מיטן אייזערנעם קאַפּול, וואָס איז געשטאַנען לעבן וואַרשטאַט און אומגעריכט אַ זעץ געטאָן אַוורעמלען איבערן קאָפּ, אַז ער האָט אַ קרעכץ געטאָן און איז אַ באַטויבטער אַ פאַל געטאָן הינטער זיך.

מאַלקעלע, וועלכע האָט די גאַנצע צייט אַריינגעקוקט דורך אַ שפּעלטל פון הינטער דער אָפּצאַמונג, איז געשטאַנען אין איין ציטערניש. דערזעענדיק וואָס דאָ איז געשען, האָט זי מאַשמאַעס פאַרגעסן אין אַוורעמלס אָנזאָג, בעשום אויפן זיך ניט צו באַווייזן אין אַזעלכע פאַלן, און איז אַ פאַרצאַפּלטע אַריינ־געלאָפן:

— אוי, אַ ווייטיק איז מיר! — האָט זי פאַרצווייפלט געשריגן, — וואָס האָט ער דיר געטאָן, דער מערדער? . . . וואָס האָט ער דיר געטאָן? . . .

זי האָט זיך אַ לאָז געטאָן צו אַוורעמלען, געוואָלט אים העלפן, אָבער דער דייטש האָט אַ צעשפּרייט געטאָן זיינע הענט און זי פאַרהאַלטן:

— טאַ־טאַ־טאַ, מיין ליבכען, שטייען זי נאָר היר! — האָט ער אַ באַפעל געטאָן. — וואָהין לאָופן זי זאָ האַסטיק? . . .

— לאָזן זי מיך צו אים! — האָט זי געגומען בייז טופּען מיט די פיס, — לאָזן זי מיך, מערדער וואָס זי זענען. קאַלטבלוטיקער מערדער! . . .

דער דייטש האָט העכער פאַררוקט די קאַסקע, אַ דריי געטאָן דאָס בלאָנדע וואָנצעלע זיינס, אָנגענומען מאַלקעלען ביי די אָרעמס, זי גענומען באַטראַכטן פון אויבן ביז אַרונטער און גענומען נאַרישעוואַטע אָנקוועלן:

— העי, ביסט דאָך גאָר אַ וואַרע שיינהייט, יודין! ערן וואָרט, אַ וואַרע שיינהייט! . . . יאָ, ניט אומזאָנסט האָסטו זיך באַהאַלטן דאָרט, צום טויפל! . . .

און מיטאַמאָל:

— הער מאַל, ליבכען, האָסט ליב דיין מאַן? שטאַרק ליב? . . . נון, אויב אַזוי, איז פּיליכט וואָלסטו וועלן מאַכן געשעפט מיט מיר? . . .

ער האָט זי פאָרשנדיק דורכגענומען מיט זיינע בליקן:

— הער מאַל: איך וועל פרידלעך פאַרלאָזן דיין הויז, נאָכמער: איך וועל דיר זאָגאַר איבערלאָזן אָט די פיינע פאָר שיכלעך אַלס געשאַנק פאַר דיר, אויב... אויב דו, ליבכען, וועסט מיר בלויז אַ קוש געבן. נון, גייט עס? . . .

זי האָט מיט אָפּשוילעכקייט אַ קוק געטאָן אַף אים און געשוויגן.

ער האָט זי דאַן שטאַרקער אַ נעם אָן געטאָן און זי געוואָלט צוציען צו זיך. מאַלקעלע האָט זיך גענומען דרייען, וואַרפן און ווערן.

— לאָז מיך אָפּ! — האָט זי געשריגן ווי ניט מיט אירע קויכעס, אַז אַ פייער האָט אַזש געשפּריצט פון אירע גרינלעכע אויגן. — באַריר מיך ניט!...

ער האָט נאַרישעוואַטע געשמייכלט:

— אָהאָ, אַ יודין מיט אַזויפיל פייער, איז דאָך פיין, גרויסאַרטיק . . . דו ווייסט, אין דיין קאַאַס געפעלסטו דאָך מיר נאָך פיל בעסער.ווירקלעך, דו געפעלסט מיר אַזוי שטאַרק, אַז איך האָב גאָר אַ פאַרלאַנג דיך צו האַבן . . .

מאַלקעלע איז אָפּגעגאָסן געוואָרן מיט אַנגסטן. זי האָט זיך געוואָרפן, גענומען בייסן דעם נאַציס הענט, געפּרוּווט זיך אַריינקריגן מיט די נעגל אין זיין פאַרצוף אַריין, אָבער ער האָט זי שטאַרק צוגעהאַלטן און אַלץ גערעדט:

— אַלזאָ, ליבכען, וועסטו גוטוויליק איינשטימען, אָדער . . . מוסט וויסן, אַז אַ סאָלדאַט פון דריטן רייך איז ניט דערלויבט צו אַנטזאָגן . . . באַזונדערס... דאַרפסט זיך דאָך פילן געשמייכלט, אַז איך, אַ דייטש, אַן אַריער . . .

ווידער האָט ער זי אַ צי געטאָן צו זיך און זי געוואָלט אַרומנעמען. זי, מאַלקעלע, — אַפילו ניט איבערטראַכטנדיק וואָס עס קאָן געשען איבער דעם — האָט אים מיט איר גאַנצער קראַפט אַרונטערגעלאָזט אַזאַ פּראַסק איבערן פּאָנים, אַז ער איז אַזש אַף אַ מאָמענט ווי צעמישט געוואָרן. באַלד אָבער האָט ער זי אַ כאַפּ אַרום געטאָן און זי אַ לייג אַוועק געטאָן אַפן דיל, ברומענדיק:

— אָ, אַזאַ ביסטו גאָר, ווילסט ניט מיט גוטן, וועל איך דיך צווינגען . . . יאָ, פאַרפלוכטע, וועסט זיך שוין ניט אַרויסדרייען פון מיר! . . .

ער האָט ווילד געגומען רייסן די בלוזקע פון מאַלקעלען, אַ פליק געטאָן אַ קלאַפּע און באַלד געגומען פאַררייסן איר קליידל. זי האָט זיך געווערט מיט אַלע אירע קויכעס, זיך געוואָרפן, געדרייט, געביסן זיינע הענט, געשפּיגן אים אין פּאָנים אַריין און קימאַט אַ הייזעריקע געשריגן:

— ווערסט עס ניט דערלעבן, אומווירדיקער הונט דו, סיידן נאָר אַ טויטע ווערסט דו מיך איבערוועלטיקן! . . .

דער נאַצי — שוין אינגאַנצן כאַיע — האָט מיט דער פויסט איר אַ טיפן זעץ געטאָן אין בויך אַריין, אַז זי האָט זיך אַזש אַ קאָרטשע געטאָן און איז פאַרשטומט געוואָרן. ער האָט זיך געשטעלט אַף די קניען, אָבער מיטאַמאָל . . .

ווי פון שלאָף אַרויס, אַ באָרוועסע און אין איין העמדל, איז פון הינטער דער פאַרצאַמונג אַרויסגעקומען די דריי־יעריקע ציפּעלע. זי האָט געקוקט ווי פאַרכידעשט און דערשראָקן, און מאַשמאָעס דערשפּירט, אַז עפּעס שלעכטס קומט דאָ פאָר. זי איז צוגעלאָפן צום סאָלדאַט, גענומען אים שלעפּן ביים אַרבל פון דעם מונדיר און זיך פאַנאַנדערגעוויינט:

— ניט שלאָג מאַמעשי . . . מאַמעשי — אַ גוטע . . . מאַמעשי — אַ ליבע . . . ניט שלאָג זי, ניט . . . טאַטעשי קום, זע, מען שלאָגט מאַמעשי . . .

דער נאַצי — מיט די טרייפענע בלוטן צעשפּילט אין גאַנצן קערפּער — האָט אַ צערייצטער אַ כאַפּ געטאָן דאָס קינד ביי די באָרוועסע פיסלעך, עס אַ זעץ געטאָן מיטן קעפּל אָן דער ערד און מיט ראַזמאַך עס האַסטיק אַ שליידער אַרויס געטאָן דורך דער האַלב־אָפענער טיר אַף דער גאַס אַרויס. אַליין, גלייך ווי גאָרניט, האָט ער זיך צוריק אַ נעם געטאָן צו דער פאַרשטומטער פרוי, וועלכע איז געלעגן ווי פאַראַליזירט און פאַרכאַלעשט אין ווייטיקן פונעם זעץ אין בויך . . .

אין דעם מאָמענט — ווי אַ נעס וואָלט געשען — איז אַוורעמל געקומען צו זיך פון זיין באַוואוסטלאָזיקייט. ער האָט — נאָר ווי אַ פאַרווירטער — אַ הויב אויף געטאָן דעם קאָפּ, ווי צו דערמאָנען זיך וואו ער איז און וואָס עס איז געשען מיט אים. דערזעענדיק מאַלקעלען אַף דער ערד און דעם נאַצי־סאָלדאַט אַף די קניען לעבן איר, האָט ער זיך גלייך געכאַפּט וואָס דאָ קומט פאָר און . . .

ווי אַ זון־שטראַל, וואָס טוט זיך אַ שלאָג דורך אין אַ צעעפנטן שפּאַלט, אַזוי האָט אַ געדאַנק אַ בליץ דורך געטאָן אין אַוורעמלס מויעך און ער האָט באַגריפן, אַז ער מוז האַנדלען שנעל און גלייך עפּעס טאָן. ער האָט זיך געפּרואווט אויפהויבן פון דער ערד, זיך אָנגעכאַפּט ביי דער טיר און . . . זיין האַנט האָט אָנגעטאַפּט די „שטאָל"־דראַטוועס, וואָס זענען דאָרט געהאַנגען. ניט־ווילנדיק האָט ער דערפילט ווי אַלץ אין אים זאָגט אים אונטער:

— „די דראַטוועס . . . מיט דער דראַטווע — אַ צי . . ."

שטיל, ווי אַ כאָלעם, האָט ער אַ צי אַראָפּ געטאָן עטלעכע פעדים, פלינק

ווי אַ הירש זיך אַ בויג געטאָן פאָרויס און זיי פאַרוואָרפן אַריבער יענעמס האַלדז . . .

מיטן גאַנצן קויעך האָט ער דעם נאַצי אַ צי אַוועק געטאָן פון מאַלקעלען און צו דער זעלבער צייט איינגעצויגן די דראַטוועס, אַז זיי האָבן זיך טאַקע נאָר ווי שטאָלענע דראָטן איינגעשניטן אין יענעמס האַלדז אַריין, אַז ער האָט אַזש גענומען שיפּען און פרייכן. אַווּרעמל האָט זיך איינגעהערט, נאָך שטייפער אַ צי איין געטאָן די דראַטוועס און אַלץ ניט אָפּגעלאָזן. ערשט ווען ער האָט געזען, אַז דעם נאַצים קאַרק איז געוואָרן בלוי און אָנגעדראָלן, און אַליין איז ער שוין, ווי אַ סנאָפּ, אַ פאַל געטאָן צו דער ערד — האָט אַווּרעמל אים אָפּ־געלאָזט און זיך גלייך אַ נעם געטאָן צו מאַלקעלען. ער האָט איר דערלאַנגט אַ גלאָז וואַסער, זי אויפגעזעצט, אָנגעטאָן אַף איר די וואָלענע פאַטשיילע, ווייל די בלוזקע איז אַף איר געווען צעריסן, און גענומען זי גלעטן און באַרואיקן:

— מאַלקעלע, האַרציקע, שטאַרק זיך! . . . ער וועט שוין מער ניט . . .

עס האָט גענומען עטלעכע מינוט ביז מאַלקעלע איז ענדלעך געקומען צו זיך. מיט אַ פּאָנים — מיטאַמאָל פאַרעלטערט און צעפּייניקט, האָט זי געקוקט אַרום זיך מיט בלאָנדזשענדיק־פאַרווירטע בליקן, ווי זי וואָלט ניט געהערט וואָס ער רעדט צו איר אַפּילע. פּלוצים האָט זי ברייט און שטאַר אַ צעעפן געטאָן די אויגן, זיך מאַשמאָעס דערמאָנט, און אַ היסטערישן קוויטש געטאָן:

— ווייי איז מיר, דאָס קינד, ציפּעלע! . . . ער האָט דאָך זי . . .

ווי אַ ווילכער האָט זי זיך אַ ריס געטאָן פון דער ערד און אַרויסגעלאָפן אין דרויסן אַרויס. דאָרט, מיטן קעפּל אַפן ברוק פון שפּיציקע שטיינער, און מיט אַ פיסל אַפן טראָטואַר, האָט זי דערזען ציפּעלען אין אַ טייכל בלוט. מאַל־קעלע האָט אַזש אַ קוויטש געטאָן פון פּיין און, ווי אַף אונטערגעהאַקטע פיס, זיך אַ לאָז אַרונטער געטאָן אַף די קניען לעבן דעם קינד. שנעל, ציטערנדיק אינגאַנצן, האָט זי אַ טאַפּ געטאָן דעם קינדס קאַלט־געוואָרענעם שטערן, אָנ־געריר ט איבערן הערצל, און אויסגעפּלאַצט אין אַ שטילן, יאָמערלעכן געכליפּ:

— קינד מיינס, ציפּעלע מיינס, לעבן מיינס! . . . זיך איינגעשטעלט פאַר דיין מאַמעס קאָוועד, נעבעך, און . . . ניט געוואוסט וואָס נאַצים זענען . . .

אַווּרעמל, וועלכער איז געבליבן אין שטוב אָנצוטאָן דעם שטיוול און צום אָפּוואַשן דאָס בלוט פון קאָפּ, איז באַלד אַרויסגעקומען און ערשט דערזען דעם פולן בראָך זיינעם. ער האָט זיך אָבער ניט פאַרלוירן, האָט פאַרביסן די ליפּן און גענומען גלעטן מאַלקעלען אין אַ פאַרזוך זי איינצושטילן. דאַן האָט ער אויפגעהויבן דעם קיגדס קערפּערל, עס אַריינגעטראָגן אין שטוב אַריין און עס אַוועקגעלייגט אַף דער ערד, לעבן וואַרשטאַט. ער האָט אַרומגענומען מאַלקע־לען, זי געקושט און גערעדט מיט טרערן אין האַלדז:

— צו אַזאַ אומווירדיקייט ווי אַט דאָס פאַרשאָלטענע דייטשישע פאָלק איז דערגאַנגען, איז דאָך עפּעס אַזעלכעס, וואָס די וועלט וועט ניט קענען גלויבן. אַ פאָלק, וואָס האָט זיך גערעכנט פאַר אַזאַ איידעלען, אַזאַ קולטורעלן . . .

מאַלקעלע האָט זיך אַ ריס געטאָן:

— ניין, אוורעמל. זיי זענען אַלעמאָל געווען שלאַנגען, נאָר געצוימטע אין שטייגן, פון אַ רעגירונג און געזעצן . . . איצט, אָבער, אַז די רעגירער אַליין זענען מענטשן־פרעסער און זיי האָבן דערפילט, אַז קיין שטראָף דערוואַרט זיי ניט, האָבן זיי באַוויזן וואָס זיי זענען — מערדער, קינדער־מערדער! . . .

זי איז אַריבערגעפאַלן איבערן קינדס קערפּערל, האָט גענומען גלעטן און קושן דאָס בלאַסע צעבלוטיקטע פּענימל און ספּאַזמאַטיש געקלאָגט:

— מיין אָרעם ציפּעלע, מיין אָרעמע מאַמעלע! . . .

און צו אַוורעמלען:

— אַז עס איז זיי אָפּגעגאַנגען גלאַט מיטן זיידן, זענען זיי דערגאַנגען צום אייניקל. ווען די וועלט וואָלט אָבער געזען די געפאַר ווי מיין טאַטע האָט עס געזען און זיך געשטעלט קעגן זיי, וואָלט צו דעם זיכער ניט געקומען...

אַוורעמל האָט ווי אַ פאַרטראַכטער זיך איינגעהערט און מעכאַניש צו־געשאָקלט מיטן קאָפּ. מיטאַמאָל האָט ער אַ נעם געטאָן פונעם וואַרשטאַט איינעם פון זיינע שאַרפע שוסטער־מעסערס, אַ קוק געטאָן אַפן גלאַנציקן שאַרף און געזאָגט:

— מאַלקעלע, מיר וועלן, זעט אויס, איצט מוזן אויקער זיין פון דאַנען, און אַוועק אין וואַלד אַריין. אָבער איידער מיר גייען אַוועק, וויל איך זיי דאָ לאָזן אַן אָנדענק. זאָלן זיי כאָטש וויסן פאַרוואָס דער פייגער האָט עס געקראָגן. זאָלן די נאַציס וויסן, אַז דער קאָוועד פון אַ אידישער פּרוי איז ניט אַזוי העפקער ווי זיי ווילן עס מאַכן. זאָלן זיי זען, אַז מיר, אידן, וועלן זיך ניט לאָזן אַזוי צעפּייניקן און אַז מיר באַצאָלן די מערדער פון אונדזערע קינדער . . .

ער האָט זיך אַ לאָז געטאָן מיטן מעסער צום טויטן נאַצי־סאָלדאַט, אָבער מאַלקעלע האָט אים פאַרהאַלטן:

— ניין, אַוורעמל, וועסט עס ניט טאָן. מיר זענען ניט קיין נאַציס, קיין בלוטדורשטיקע כאַיעס. ער האָט דאָך שוין באַצאָלט פאַר זיין אומווירדיקייט... אידן שענדן ניט נאָכן טויט אַפילו דעם ערגסטן סוינע . . .

אַוורעמל האָט אַוועקגעלייגט דאָס מעסער און פאַרביטערט אויסגעשפּיגן:

— בעסטיעס! — האָט זיין שטימע אַזש געציטערט. — אַז פאַרשאָלטן זאָלט איר ווערן פאַר באַשאַפן אַזאַ שווערן האַס אין אונדזערע הערצער! . . .

צעבראָכענע, מאַמעש אויסגעשעפּטע פון די קויכעס, האָבן אַוורעמל מיט מאַלקעלען זיך גענומען גרייטן צום אַוועקגיין. מיט ציטערדיקע הענט האָט ער אין אַ ווייסן קישן־ציכל אַריינגעלייגט ציפּעלעס קערפּערל, קעדיי עס מעקאַבער

צו זיין אין וואַלד, ביי די פּאַרטיזאַנעס. מאַלקעלע — מיט טרערן גיסנדיק אָן און אויפהער, האָט אין אַ צוויט ציכל אַריין אַנגעפּאַקט צו עטלעכע שטיקלעך וועש מיט קליידער פאַר ביידן און אַ טאָרבעלע מיט ברויט פאַר די ערשטע פאַר טעג. דאַן האָבן זיי פאַרנומען עטלעכע נויטיקע פּאַפּירן און נאָך אַנדערע קליינִיקייטן, אַנגעטאָן די מאַנטלען אַף זיך און . . .

עטלעכע מינוט זענען זיי ביידע געשטאַנען שווייגנדיק, ווי פאַרגליווערטע סטאַטועס, אין דער טיר און געוואָרפן לעצטע בליקן אַף זייער וואוינונג־וואַרשטאַט, אַף דער נעסט, וואָס זיי האָבן מיט אַזויפיל פּראַצע געבויט. דאַן האָט אורעמל צוגעמאַכט די לאָדן־טירן און זיי פאַרשלאָסן פון דרויסן . . .

די גאַס איז געווען ליידיק און שטיל. קיין לעבעדיקער מענטש איז ניט געווען אינדרויסן און ניט געזען דאָס אַוועקגיין פון אורעמלען און מאַלקעלען, מיט די זעקלעך אַף די פּלייצעס. בלויז פון דער וואַנט אַראָפּ, פון איבער דער טיר, האָט דאָס קליינע שילדל — אונטערגעהוידעט פונעם אומטדיקן ווינטל — זיך ווי געזעגנט מיט זיי . . . עס האָט אָנגעהויבן טונקל ווערן . . .

**אינגיכן האָבן** ביידע, אורעמל און מאַלקעלע, זיך דערשלאָגן צו „אַלעקן“. זיי האָבן אים בעקיצער דערציילט וואָס עס איז געשען און ער האָט זיי פאַרשטאַנען. ער האָט זיי באַרואיקט, געהייסן זיי זיך אָפּרוען און וואַרטן ביז ער וועט באַזאָרגן די נויטיקע צוגרייטונגען . . . אַביסל שפּעטער, אַזוי גיך ווי אינדרויסן איז רעכט פינצטער געוואָרן, האָבן זיי — געפירטע פון „אַלעקן“ — זיך אַרונטערגעלאָזט אין אַ קאַנאַליזאַציע־עפענונג און זיך פאַרנומען אין וועג, צו די פּאַרטיזאַנעס אין וואַלד אַריין . . .

שטיל איז געווען אין דעם טונעל, אָבער מאַלקעלעס האַרץ האָט מאַמעש געשטורעמט. זי האָט געשעפּטשעט אַ פרומע טפילע:

— פון די טיפענישן, גאָט, רוף איך צו דיר. מעק אויס דאָס געדעכעניש פון די כאַיעשע מענטשן־פרעסער, די נאַציס! . . . צעשטער זייערע היימען, פאַרניכט זיי ביזן לעצטן! בענטש די הענט, וואָס וועלן זיי סאָף קאָל סאָף פאַרלענדן! . . .

עס זענען אָנגעקומען די צווי יונגעלייט, און מאַלקעלע מיט אורעמלען — שוין געשטאַרקטע — האָבן זיך געלאָזט אין ווייטערדיקן גאַנג, מיט אַ פעסטן באַשלוס אין זייערע הערצער, ניט איינצורוען און זיך נויקעם זיין אין די נאַציס, ביז זיי וועלן אָפּגעמעקט ווערן פונעם פּאָנים פון דער ערד . . .

* * * * *

דאָס בילד אַפן שאַאַר-בלאַט איז גענומען פון דעם ביכל: „עי טעיל אָוו עי סיטי", וואָס איז אַרויסגעגעבן געוואָרן פונעם „אָפיס אָוו וואָר אינפאָרמעישאָן" אין וואַשינגטאָן, די. סי.

דאָס דאָזיקע בילד (ווי די אַנדערע בילדער אין דערמאָנטן ביכל) איז געצייכנט פון קינסטלער לערמאַנסקי, — אַ געוועזענער אָפיציר אין דער פוילישער אַרמיי, — וועלכער איז געווען אַ לעבעדיקער איידעס פון די נאַצישע מערדערייען. ער האָט געצייכנט די בילדער פון עמעסדיקע פּאַסירונגען אין דער וואַרשעווער געטאָ.

דער מעכאַבער — אָנגערעגט פון אָט די בילדער — האָט געשאַפן דערציילונגען אַרום זיי. אַף אַ הינטערגרונט פון געהעריקע פּאַסירונגען האָט ער די דאָזיקע אַקטועלע צייכענונגען אָנגעטאָן אין פלייש און בלוט פון לעבעדיק-געמאָלענע מענטשן, וואָס ווערן אונדז נאָענט און אייגן. די דערציילונג: „מיט דער דראַטווע — אַ צי" איז איינע פון זיי. עס איז אַ פעסטגעשטעלטער עמעס, אַז דורכן מעדיום פון קינסטלערישע דערציילונגען — אין קעגנזאַץ צו אַבסטראַקטע אַרטיקלען — ווערט געשאַפן אַ בעסערע און לאַנג-דויערנדיקע ווירקונג אַפן לייענער. דאָס מיינט בעמיילע אויך, אַז אַזוי-אַרום ווערן געהעריק פאַרפיקסירט סיי די נאַצישע ברוטאַלע באַנעמונגען און סיי דער שטילער, אָבער דערביי אויך העראָאישער קאַמף קעגן זיי מיצאַד זייערע קאָרבאָנעס — די אידן פון די געטאָס — אַז עס זאָל בלייבן לעזיקאָרן אַף דאָר-דוירעס . . .

עס איז דעריבער צו האָפן, אַז די לייענער פון אָט דער דערציילונג, ווי אויך די קולטור-טוער אין די אָרגאַניזאַציעס, וועלכע באַקומען דאָס ביכל, וועלן זען, אַז עס זאָל וואָס גיכער קריגן די מעגלעכסט-ברייטסטע פאַרשפּרייטונג, קעדיי מעגלעך צו מאַכן די דערשיינונג פון די ווייטערדיקע דערציילונגען פון דער סעריע.

די קומענדיגע דערציילונג — וואָס איז געשריבן אַרום אַ צווייט בילדל פון דערמאָנטן ביכל — וועט דערשיינען אַזוי גיך ווי עס וועט נאָר טעכניש און פינאַנציעל מעגלעך זיין.

**כאַים מאַרגאַלעס־דאַווידזאָן**

צוליב געוויסע טעכנישע סיבעס זענען מיר געצוואונגען צו פאַרקויפן די דער-
ציילונג בלויז אין צאָלן פון 4, 8, 12, 16, 20 און אַזוי ווייטער קאָפּיעס, וואָס זאָלן
צוזאַמען באַטרעפן אין גלייכע דאָלאַרס. (פּרייז 4 קאָפּיעס — $1.00.)

## איינצל פּרייז 35 סענט

בלויז געציילטע „סעטס" זיינען נאָך פאַרבליבן פון דעם
גרויסן, באַרימט-געוואָרענעם, 3-בענדיקן מילכאָמע-ווערק:

# „איך בין אַרויס אַ לעבעדיקער"

פון

## כאַים מאַרגאָלעס־דאַווידזאָן

### 3 ביכער — פּראַכט־אויסגאַבע — 900 זייטן

אַ ווערק, וואָס האָט אַרויסגערופן גרויס לויב און אויפזען
סיי ביי די ליטעראַטור-קריטיקער און סיי ביי די לייענער.

אָט זיינען עטלעכע קורצינקע אויסצוגן פון די קריטיק-אַרטיקלען:

דר. א. מוקדוני: „...עס איז אַ גרויסער לייוונט און דאָס בילד איז
אימפּאָזאַנט... פּרעכטיקע בילדער... פאַרכאַפּנדיק געצייכנט... אַ מאָנו-
מענטאַל ווערק... איך האָב געלייענט דאָס ווערק מיט פּיעטעט.."

ש. ניגער: „...מען ווערט פאַרכאַפּט פון די סצענעס... עפּיזאָדן און
סצענעס, וואָס פאַראינטריגירן דעם לייענער און פאַרכאַפּן אים..."

מוישע קאַץ: „...געשריבן מיט גרויס מייסטערשאַפט, בילדלעכקייט און
פאַרשטענדעניש... די לעבעדיקע געשיכטע פון אַן אומגעהויער-וויכטיקן
היסטאָרישן פּעריאָד... אַ בוך, וואָס מיר רעקאָמענדירן גערן
די ברייטסטע מאַסן לייענער... עס לייענט זיך מיט אַן אומאויפהערלעכן
אינטערעס און מען קאָן זיך פון אים ניט אָפּרייסן ביז מען ענדיקט
אים ביזן סאָף..."

אַווראָם רייזען: „...אַ גרויס ווערק, אַן עפּאָפּייע... עס
לייענט זיך מיט גרויס אינטערעס און שפּאַנונג, אין קינסטלעריש-
בעלעטריסטישן זין..."

### פּרייז פאַר אַ פולן „סעט", 3 ביכער:

פּראַכט־אויסגאַבע ............... $6.00

„דע־לוקס" ..................... $10.00 און העכער

(די וואָס וועלן צושיקן אַ טשעק מיט דער באַשטעלונג, וועלן באַקומען
די ביכער אויטאָגראַפירט פון מעכאַבער.)

שרייבט אייער טשעק, אָדער „מאָני-אָרדער" אַפּן נאָמען פון מעכאַבער,
און שיקט צו אַפּן אַדרעס ווי אָנגעגעבן אַף זייט 2 פון דעם ביכל.